איציק מאַנגער

# שטערן אויפ'ן דאַך

(ליד און באַלאַדע)



פאַרלאַג „שלום עליכם" בוקאַרעשט
1 9 2 9

די לידער וואָס זענען געזאַמלט אין דעם באַנד, זענען ניט געאָרדנעט כראָנאָלאָגיש און ניט געטיילט אין ציקלען. מיט אַ באַזונדער פרייד האָב איך זיי כאַאָטיש צעוואָרפן איבערן גאַנצן בוך. באַלאַדע, קריסטוס-ליד און ליד פון בעל שם.

*באַלאַדע און תפילה*. די טונקלע זעונג און דאָס ליכטיקע שטאַמלען וואָס פיבערט אין די אויגן און אויף די ליפּן ערב נאַכט.

די סאָציאַלע און גראָטעקסע אַקאָרדן, וואָס ציטערן ווי דיסאָנאַנסן אין בוך, נעם איך אַרום מיט אַ באַזונדער ליבשאַפט: אפשר וועלן זיי מיך ערגעצוו דערפירן.

„שטערן אויפן דאַך” הייסט דער בוך דערפאַר, ווייל אין די צייטן פון געיעג און רדיפה אויף די שטערן, איז מיר דער נאָמען באַזונדערס געפעלן געוואָרן.

די „באַלאַדע פון די טעותן” גיב איך אַ מתנה מיין ערשטן פריינט דעם דיכטער יעקב שטערנבערג. די „באַלאַדע פון דעם לייזיקן מיט דעם געקרייציקטן” דעם ווונדערבאַרן רעציטאַטאָר הערץ גראָסבאַרט. דאָס ליד „ביים וועג” דעם מאַלער און שווייגער אַרטור קאָלניק, און די „באַלאַדע פונעם ווייסן ברויט” דער האַרציקער דיכטערן קאַדיע מאָלאָדאָווסקי.

די בעסטע מתנות וואָס איך פאַרמאָג. מער קען „אַזאַ אָרעמער מענטש, ווי האַמלעט ניט געבן.”

די טרויריקע „באַלאַדע” פון די גרייזן (ווערטער, פונקטואַציע), ווידמע איך דעם בחור הזעצער. דער לעזער דאַרף נעמען אין אַכט די שווערע באַדינגונגען פאַר דרוקן אַ יידישן בוך אין אַלטרומעניע. דאָ פאָדערט נאָך דער זעצער פולע אַווטאָנאָמי פאַר זיך און זיין פאַנטאַזיע.

איציק מאַנגער

# עפּן ברייט דעם טויער.

עפּן ברייט דעם טויער... ס׳שטייען אויף דער שוועל
וואנדערער, וואס טראגן דעם אנזאג פון דער נאכט.
זיי קושן שטיל מיין שטערן און ווייטער גייט דער וועג —
צי האט דען ווער געמאסטן דאס מלכות פון דער נאכט?

איינגעהילט אין טונקל-גראָע אוונט-טאָגעס,
שטייען זיי און מורמלען צום ריטם פון׳ם ווינט —
„ווער ס׳וועט די שווארצקייט פון דער נאכט אויסשעפּן,
וועט דאס וואונדערליכע ווייסע ליכט דערזען״.

קום און לאמיר גייען. ס׳טונקלען שוין די וועגן
און בלאע שמעטערלינגען פליען און פארגיין.
אויף די פעלדער בליט דער רויטער צוויט פון זומער
און פון די צווייגן רינט אַ טונקל נאכט געוויין.

מורמלען שטיל די וואנדערער אין די גראע טאגעס —
„ווער ס׳וועט אויסטרינקען דאס טונקלע נאכט געוויין,
דער וועט יענעם שמייכל פון דער וועלט בשמה,
און דאס לעצטע גרויסע ליכט דערזען״.

קום און לאמיר גייען. ס׳טונקלען שוין די וועגן,
ס׳פליען בלאע שמעטערלינגען און פארגיין.
פון די האריזאנטן וויבקן בלאע פינגער,
ס׳טונקלען שוין די וועגן... קום און לאמיר גייען!

# צווײ בלאָע שוואַלבן...

צווײ בלאָע שוואַלבן פֿלאַטערן
צווישן מנחה און מעריב.
בײַם אָפֿענעם פֿענסטער שטײסטו,
די גאָלדענע קרױן אױפֿ׳ן קאָפּ.

דו מורמלסט און דײַנע װערטער
גײען אױף שוואַרצן סאַמעט
מיט בריוו אין די װײַסע פֿינגער, —
װיאָלעטע גריסן צו מיר.

אַ האַנט צײכנט אױס אין מערב
אַ חורבה מיט שוואַרצע שױבן,
װאו ס׳װאױנט די בלינדע לבֿנה
מיט דער קראַנקער טאָכטער פֿון ים.

פֿאַל אױף די קני, פּרינצעסין,
און זאָג הױך דײַן אומזיסט געבעט,
ס׳זאָל דיר גרינגער זײַן צו באַגעגענען
די שליחים פֿון דער נאַכט.

# מיידל־פּאָרטרעט.

גראָע דעמערונג.
שוואַרצע אויגן צוויי
שפּינען בלאָע פּלאָטערן, —
שוועבן זיי
דורך דער דעמערונג.

דאָס שוואַרצע קלייד
טוליעט זיך טרויעריק צום אוונט-ווינט
מיט דער שרעק פון קינד
און מורמלט:
„ווי שיין די לבנה ברענט
אין מיינע טרוימען"...
און ס'גלעטן די הענט
דעם אוונט-ווינט.

אויפ'ן גראָז צינדט נאַכט
דעם ערשטן גלי פון יינגן מיידל-בלוט,
וואָס פליט, ווי אַ רויטער שמעטערלינג
אויפ'ן שוואַרצן קלייד,
צעשפּרייט די פליגל, ווי טונקלע פרייד
און פאַרגייט.

סילועטן-שפּיל.
נאַכט, ווינט און שטערן.
די אויגן ברענען שוואַרץ,
ווי זיי וואַלטן הערן
דעם ווידערקלאַנג פון אייגענעם באַגער.

שווער
פאַלן שאָטענס אויף דער גאַרטן-באַנק.
אויפ'ן שטערן פון דער נאַכט טונקלט אַ געדאַנק,
וואָס פאַרווישט דעם שמייכל פון דער מיידל-ליפּ
און אויף די שוואַרצע וויעס פינקלט מיד
דער ריטם פון אַ ניט פאַרשטאַנענע ליד,
וואָס וויגט, פאַרוויגט דעם גראָען כמאַרע-פלעק,
וואָס ציט זיך איבער בוימער ווייט אַוועק,
און לעשט די וויאָלעטע שטערן אויס...

סילועטן-שפּיל.
נאַכט, ווינט און שטערן.
די אויגן ברענען שוואַרץ,
ווי זיי וואָלטן הערן
דעם ווידערקלאַנג פון אייגענעם באַגער.

## די באלאדע פון די שבת־ליכט.

שטייט דער מאנאך אין פינצטערן צעל
און זיינע אויגן ברענען —
„יונגע מכשפה, ווען וועסטו אמאל
דעם זילבערנעם צלם דערקענען,
און יעזוסן אונזער האר?"

זאגט דאס מיידל: „ווי קען איך דען
אין האנט דעם צלם נעמען,
אז איך זאל מיינע שבת-ליכט
די גאלדענע פארשעמען, —
ווי קען איך עס, שווארצער מאנאך?"

„יונגע מכשפה, דעם צלם א קוש,
און יעזוס וועט דיך דערלייזן
פון דער קליפה, וואס לויערט אין דיר
און פון דעם גייסט דעם בייזן,
וואס זינגט פון דיינע ליפן אראפ"!

זאגט דאס מיידל: „ווי קען איך דען
מיט די ליפן דעם צלם בארירן,
אז איך זאל די גאלדענע שבת-ליכט
אויף אייביק שוין פארלירן, —
ווי קען איך עס שווארצער מאנאך?"

„דערקען דיין לעבן, דערקען דיין טויט,
ס'איז יעדע רגע טייער.
וואס זעסטו, מיידל, דורך דער שויב?"
„איך זע אַ בלוטיק פייער
און בלוטיקע שאטנס אויף דיין געוואנט"!

גייט דער מאנאך און דאס מיידל גייט,
די הענט מיט שטריק געבינדן.
און הונדערט פינגער האבן מיט אמאל
שארפער דאס פייער געצינדן —
דאס רויטע פייער אויפ'ן שווארצן סטעפ.

און אז דאס פייער האט אויסגעברענט
און דאס גראע אש איז געבליבן,
האבן זיך אויפ'ן אַש צעברענט
גאלדענע שבת-ליכט זיבן,
גאלדענע שבת-ליכט זיבן...

# באם דניעסטער.

דער דניעסטער מורמלט און ער רוישט
און קלאפּט די כוואַליעס צו דעם ברעג.
ער ברענגט דעם אומעט אונז אַהער,
און טראָגט די בענקשאַפט ווייט אַוועק.

און פון די שוואַרצע כוואַליעס ווייט
אַ מידער הויך פון טויט און רו,
טאָרעט שטיל די פינצטער אויף
אַ מידער ווייסער פויגל-פלי.

און ס׳קוקט מיך ווילד די טונקל אָן:
„ווי קומסטו, פרעמדער, דאָ אַהער?
לאָז רוען, לאָז! דאָס האַרץ איז מיד,
און ס׳איז מיין חלום טיף און שווער".

דער דניעסטער מורמלט שטיל און מיד.
אַ פיבער-טרוים, אַ ציטער פליט
אַריבערן שוואַרצן אויבערפלאַך —
דער אייביקער סוד פון טונקלען ליד.

איך האַלט די ביקס און ציל און שיס.
אַ רויטער פלעק די טונקל פאַרבט,

און בא דעם גראען וואסער-ברעג
אַ שווערער פיבער-חלום שטארבט.

איך פאל אנידער אויף די קני,
אין מיינע אויגן ברענט די שרעק.—
דער דניעסטער מורמלט און ער רוישט.
און טראגט די בענקשאפט ווייט אוועק.

# דער פרעמדער.

געקומען איז ער אויסגעווייקט מיט נאכט און ווינט׳
די האר צעשויבערט און די אויגן אויסגעלאשן מאט.
געפיבערט האט זיין קערפער ווי אסיענדיק אַ בלאַט׳
און ס׳האט געשמעקט פון אים מיט הפקר פון די הינט.

זיין קול איז שטיל געווען און כ׳האב געהערט ווי ס׳רינט
זיין ווארט זיגזאגיש ווי א טייכל אין דער ווייט.
און געשפענסטיש׳ ווי דער נאכט-גייסט וואס ער רייט׳
און וויל פארפירן ערגעצווו דעם חלום פון א קינד.

אַ פארשעמטער האב איך פאר אים אויסגעבעט זיין בעט
און ער איז איינגעשלאפן און פונעם שלאף גערעדט
שווערע׳ טונקלע רייד צום טיק טאק פונעם זייגער.

אַ רגע. צוויי. און אז כ׳האב די אויגן אויפגעמאכט
האט טיף אין מיינע פענסטער זיך צעבליט די מיטן-נאכט
און קלארע שטערן האבן אויפגעבליצט אויף זיין ליידיקן געלעגער.

# דער מאנאך.

ווי אַ מעסער בלישטשעט זילבעריק דער שליאך,
וואס שניידט זיך טיף אין האריזאנט אריין.
מיראזשן שווינדלען. אַ ווייסע ראד. לבנה-שיין.
און איבער זיי גייט אויף א פינסטערער מאנאך.

דער פרילינג און דאס קינד, דער סטעפ, דער טייך
צעשמייכלען פריילעך זיך, בארוישט פון דופט און שיין.
„אריין, מאנאך, אריין אין וויאלעטן כשוף-ראד אריין.
נאר פינסטער גייט ער, אויסגעצויגן, שווער און גלייך.

און נענטער, נענטער קומט ער מיטן מעסער אין דער האנט.
אַ בליץ, דאס בלאע בלוט פון פרילינג שפריצט אויף זיין געוואנט
און ס׳לויפן קינד און קייט צעדולטע איבער פעלד.

דיין בלענדעניש האב איך באצווינגען, לוציפער, און איצט
ער קניט און צלמט זיך און פאר די אויגן זיינע בליצט
די וועלט די אייביקע, די אויסגעבענקטע וועלט...

# דער זינדיקער.

די בלאע דעמערונג גייט אויס מיט וויאלעט,
מיט בלאע קאָרן-בלומען אין די האר שמעקט אויף דער ווינט.
אַ בלענדעניש פון זומער-פייגאלעך פלאטערט און צערינט
און עפעס כשוף פיבערט שטומערהייד און רעדט.

און ער אַ ווילד פארוואקסענער, געקאוועט צו זיין בעט,
גראבלט מיט די נעגל אויף אן אלטע זינד.
דעם חורבן פון אַ חלום און דעם חורבן פון אַ קינד —
אַ זינד וואס לאזט זיך ניט באפרייען מיט געבעט.

ער הייבט זיך אויף. די אויגן זיינע פינקלען גרין.
ער לאזט זיך גיין און ווייסט אליין ניט וואו אהין
און בלייבט אַ רגע ווייטער שטיין פארטראכט.

„גאָט, מיין גאט, דערלייז מיין זינד, מיין זינד!"
ער שטאמלט און פארווארפט זיין הייסן קאפ אויף ווינט,
און לאזט זיך גיין פאמעלעך קעגן נאכט.

# די באלאדע פון דעם כלה־שלייער.

מיטן-נאכט האט אויסגעקלינגען
צוועלף שארפע׳ שווארצע קלאנגען.
וויינט דאס בלייכע כלה-מיידל —
„ווער וועט איר דעם שלייער שפינען?
ס׳איז מיין פאדים אויסגעגאנגען!"

עפנט זיך די טיר פאמעלעך.
זיבן זקנות, שטילע בלייכע
הינקען טיף אין שטוב אריין׳
אויגן—אוונט שאטנס ווייכע: —
„לאז ניט דיינע טרערן רינען׳
וועלען מיר דיין שלייער שפינען
מיט די האר די זילבער-ווייסע".

וועבן קרומע באבע-פינגער
ווייסע האר אריין אין שלייער.
פינקלען זייערע טונקלע אויגן
מיט א מאדנעם קילן פייער.
פאלט א שאטן אויף דער שויב
פון א פרעמדן ווייטן גייער.

צאנקט דער געלער שיין פון לעמפל׳
זיבן זקנות זיצן׳ שפינען:

ערגיץ פאכעט שוין אַ פליגל
און ס׳אטעמט מיט באגינען.
„זיי געזונט, מיר מוזן גייען".
ס׳ליגט דער שלייער ווייס, ווי שנייען
אויפן טיש און ציטערט, ציטערט.

און ביים שיין פון מארגנשטערן
שטייט דאס מיידל פאַרן שפיגל
און ס׳פאכעט קיל דער שלייער
מיט צוויי ווייסע טויטע פליגל.
בלאער פלעקן זיך די שויבן.
און די פלעקן שפריצן פייער.
און דאס מיידל ווערט אלץ בלייכער,
ווייס און ווייסער ווי דער שלייער.

## בעל שם.

שטייט דער בעל שם ביים ראנד פון דארף
און זעט: דער אוונט וויקלט זיינע שלייערן.
טונקל. און אין דער טונקל בליצן פייערן —
אַ גאלדענע זעונג אויפ׳ן שווארצן טארף.

אַ גאלדענע זעונג אויפ׳ן פאן פון נאכט.
דריי מאל הייליק ער פאלט אנידער אויף די קני׳,
און טרינקט אויס איר נשמה ווי אַ מעלאדי.
וואס דער ווינט האט פון ווייטן סטעפ געבראכט.

און שכור פון די פארבן און דעם כשוף,
בלייבט ער נאך אַ רגע מיט דער נאכט אליין,
ביז ס׳דעמערט אויף אַ תפילה אויף זיין צורה.

און לויפט דערנאך צוריק מיט פרייד צום ישוב
אנקלאפן אויף טונקלע ווענט די בשורה —
„אז הייליק איז די וועלט און דריי מאל שיין!״

# Ecce!

מיטן-נאכט. א גראער בעטלער
קוקט צו מיר אריין אין שויב.
קאפ — אַ פלאנטער נאכט און װינט.
בארד — אַ פלאנטער נאכט און שטויב.

קאליע אויגן. קאפ אויף האנט.
שטיל. אַ ברום. אַ שפּיי. אַ כראק. —
„כ'האב פארטרונקן אין דער קרעטשמע
אי דעם שטעקן אי דעם זאק.״

„פאר א גראשן רו אין ווינקל,
פאר אַ שטיקל קאזשע ברויט.
װעל איך זינגען דיר, מיין טרויער!..
װעל איך זינגען דיר, מיין טויט!..

— היידא בעטלער! לאמיר קרייצן
איצט די שעה פון מיטן-נאכט.
און צופיסנס פון דעם צלם
נאר געזינדיקט און געלאכט!..

אלע װעגן װעלכע בלאנדזען,
ציען זיך צום צלם צו.

איינס־צי יעזוס איז געקרייציקט,
צי די נאכט, צי איך, צי דו!

...שמייכלט שטיל און גרא דער בעטלער.
בארד—אַ פלאנטער נאכט און ווינט.
לעשט דער וועכטער אויס די אויגן
פון דעם בעטלער און פארשווינדט.

# כ׳בין דער אָוונט

כ׳בין דער אָוונט אויפן קרייז — לעסטער!
ניט קני פאַר מיר, דו מענטש פון וועג.
דו האָסט גענוג פאַרוואָס צו קניען
אין דיינע נעכט, אין דיינע טעג.

שפּילט דאָס בלוט פון זונפאַרגאַנג
אויף מיינע ווייט-געקרייצטע הענט. —
האָסטו דערקענט דעם זונפאַרגאַנג,
האָסטו מיין נאָמען אויך דערקענט.

שענק מיר דיין שמייכל פאַר מיין טרויער
און ווייטער גיי אַוועק אין רוים.
אַ יעדעס גרעזל האָט זיין טרויער,
אַ צלם שלאָפט אין יעדן בוים.

האָסטו דערקענט דעם בוים אין טרויער,
האָסטו מיין נאָמען אויך דערקענט.
דער בוים וואָס שווייגט ביים זונפאַרגאַנג
אויף מיינע ווייט-געקרייצטע הענט.

הער, די נאַכט וואַרגט זיך מיט שאָטנס,
מיט טויט, מיט גלויבן און מיט טרוים.

און ווישט אַראָפּ מיט שוואַרצן אָטעם
דעם אָוונט־שפּיגל — גראָז און בוים.

לעסטער, מענטש פון וועגן, לעסטער
מיין צלם אין זיין לעצטער שעה.
ס'איז דיין לעסטערונג אַ צייכן,
אַז ער איז דאָ, אַז איך בין דאָ.

# אויף טונקלע טרעפּ

איך גיי אַרויף די טונקלע טרעפּ
און אונבאַשטימט שווימט מיר אַקעגן
אַ קראַנקער לאַך, אַ קינד-געוויין.
און טריט פון מיטן-נאַכט און רעגן.
און שווער און אומגעלומפּערט לעגן
די שאָטנס זיך צו מיינע פיס
און מיינע אויגן ווערן שווער.
— דעם כוס מיט רויטן סם אַהער!
אַ בלאָער שיין איז דורכגעפלויגן.
פון וואו? וואוהין? איך ווייס ניט מער.

ווער רעדט אַצינד אין מיר? צי רעדט
אַ קינד מיט ווינט-געקושטע האָר?
צי רעדט אַ זקן, וואָס ער טראָגט
געהויקערט זיינע אַכציג יאָר?
איך ווייס עס ניט. נאָר וואָס איך הער,
איז אזוי ליכטיק אזוי קלאָר,
ווי קלאָר ס'איז דער שליאַך, וואָס פירט
צום טונקלען טויער פונם טויט.
דער וועג איז ווייס, דאָס בלוט איז רויט
וואָס גאָך, צי אַלדי שוואַרצע יאָר!..

ווער האָט אַצינד מיין האַנט באַרירט?
די שעה פון תשובה און געבעט!
מיין האַרץ קלאַפּט שאַרף, ס׳שפּירט אויף זיך
דאָס שטרענגע אויג פון דער אייביקייט.
און אונטער מיינע פיס גייט דורך
אַ קנויל פון זון און שטויב — די ערד.
אַ בליץ פלאַמט אויף און ליכטיק ווערט
און פינצטער ווערט — — —
גאָט, מיין גאָט, וואָס האָסטו מיך פאַרלאָזט?!

# האַרבסטיקע לאַנדשאַפט

האַרבסטיקע לאַנדשאַפט, איינזאַם טרויעריק און שען.
באַלד וועט דער הייליקער בעל שם-טוב איבער דיין
טונקלער וויזיע גיין;
און דאָס זילבערנע מייכל, וואָס שלענגעלט זיך שטיל און מיד,
און די קליינע בעריאָזקע מיט איר שיוואַנען-ליד,
און די רויטע לבנה, וואָס פיבערט שווער און ברענט,
וועלן גרינגער אויסגיין אויף זיינע פרומע הענט.

# די באַלאַדע פונם ווייסן ברויט

שטייען מאַמעס אין צעריסענע שאַלן
אויף טונקלע אָוונטיקע שוועלן.

בלייכע געזיכטער. פאַרלאָשענע פינגער. —
דרייצן אַפּאָסטלען פון דעם הונגער.

צינדט דער אָוונט איבער זייערע קעפּ
די לבנה אָן, ווי אַ ברויט אַ ווייס.

שטרעקן די מאַמעס פאַרלאַטעטע הענט.
טרויעריק צום ווייסן ברויט, געווענדט.

„הייליק ברויט פאַל אין אונזער שויס!
הייליק וויי‏צן-ברויט, לייז אונז אויס!

דער הונגער קנעט אין אונזערע בעטן
פון אונזערע קינדער נאַכט-סקעלעטן.“

פלאַטערט לבנה איבער אַלע פענסטער,
איבער קינדער-קעפּ, איבער נאַכט-געשפּענסטער.

שמייכלען ביים שיין פונם ווייסן ברויט
די קינדער און שטאַרבן אַ גרינגען טויט.

פֿאַרברענט לבנה אין טײַך אירע שטראַלן
לבנה, װאָס קען פֿונעם הימל ניט פֿאַלן.

שטײען מאַמעס אױף שװעלן געבױגן
אין צוריסענע שאַלן מיט פֿאַרלאָשענע אױגן.

און זעצן זיך שבֿעה נאָך אַ יונגן טױט,
און זעצן זיך שבֿעה נאָכן װײסן ברױט.

# שטערן אויפן דאַך

נאַכט. די שטערן שלאָפן אויפן דאַך.
און יונגע מאַמעס דרימלען שטיל און מיד
איצט פּאָרט זיך די הייליקייט מיט ליד,
און גוט איז דעם, וואָס איז איצטער וואַך.

ער הערט דעם שטילן אָטעמדיקן סוד,
פון וואַלד און טייך, פון סטעפּ און ים און פעלד
דעם אַלטן אייביק-יונגן רוף פון וועלט,
וואָס גאַרט צו אַנטפּלעקונג פון אַ גאָט.

ווער ווייסט, אפשר וועט זי אים אַמאָל דערזען.
און מיט פרייד און יום טוב אים אַקעגן גיין?
דערווייל שטייען אַפּאָסטלען אויף דער וואַך...

דערווייל דרימלען יונגע מאַמעס שטיל און מיד
און ס׳שמעקט פון זיי מיט עוואַנגעליע און מיט ליד
און גאָלדענע שטערן שלאָפן אויפ׳ן דאַך.

# דער משולח

דער אַלטער משולח מיטן שטעקן אין דער האַנט
זעט, ווי ס׳טונקלט דער אָוונט אויפ׳ן שליאַך.
און הערט די זילבערנע ווידאו פונעם טייך,
וואָס שלענגלט זיך אַוועק צום טונקלען לאַנד.

און אַלץ, וואָס איז מאָדנע פרעמד און אומבאַקאַנט,
לאַכט אויף מיט ווינט, מיט שטערן און מיט ליד.
אַ שוואַרצער שמעטערלינג פלאַטערט אויף און פליט
און לעגט זיין אַגאָני דעם זקן אויף דער האַנט.

דער אַלטער משולח לאָזט זיך איילִיג גיין
און נעמט מיט זיך דאָס זילבערנע געוויין
פון פעלד און טייך, פון סטעפּעס און פון היילן.

און שפּעט באַנאַכט, ביי אַ צאַנקנדיקן ליכט,
וועט ער זיצן שטום מיט אַ זערשראָקענעם געזיכט
און פון זיין סוד וועט ער קיינעם ניט דערציילן.

# די מאַמע

די מאַמע וויגט דאָס וויגל מיד און מידער
(אָוונט אויף דער שויב — אַ בלאָער וואַל).
דער מאַמעס אויגן זענען פול מיט לידער,
וואָס שעפּן טרויער פון איר שוואַרצן שאַל.

די מאַמע זיצט אין שאָטן און דאָס וויגל
באַוועגט זיך ריטמיש אין אַ ווייסן ליכט.
אין מאַמע־גבול אַ טונקלער שאָטן קריכט...
נאָר איבערן וויגל פאָכן ווייסע פליגל.

— אַזוי נאָענט צום באַריר און אָפּגעטיילט.
הער, מאַמע, וואָס די שוואַרצע שויב דערציילט.
און וואָס ס׳פאַרשווייגט דער טונקלער ווינט.

דערפאַר, דערפאַר און טאַקע נאָר דערפאַר
ווייל ס׳בליט אין דיר די שוואַרצע בלום פון צער
וואָס טיילט דיך אָפּ פון מלכות פונ׳ם קינד.

# Memento mori

דער פֿאַסטוך שפּילט. די דעמערונג
רינט פֿון זיין פֿייפֿל מיד ארויס
און טרינקט דעם לעצטן טראָפּן ליכט,
וואָס ציטערט אויף די פֿעלדער אויס.
און לאַנגזאַם וויגט דער ווינט די שוואַרצע גלאָקן.

מיין אויער האָרכט און הערט, ס׳גייט
די נאַכט אין ווינט-פֿאַרווייטן קלייד
פֿון אירע שוואַרצע וויעס ווייט
איר רויטע זינד, איר בלאָ געבעט.
און אויף איר האַרץ בליען טרויעריק מיינע לאָקן.

וואָס איז געשען ?

ביים ווייטן ברעג פֿון האָריזאָנט
זיצן דריי פֿאַרצן און שפּינען
אין בלאָען שיין פֿון דעמער-ליכט.
ביים שוואַרצן שפּיגל פֿון דער נאַכט,
און אויפֿן גלאָז פֿון שפּיגל ברענט
מיין בלייך געזיכט, וואָס לאַכט און וויינט
און ווערט ווי נעפּל און ווי רויך צערינען.

רוישט אַ בוים
בשמה שטיל. די צייט פון טרוים.
איצט שפינט די אייביקייט איר ליכט און אירע פאַרבן.

נאָר טיף אין מיר צעוויינט זיך אויף אַ קול
דער גאַנצער שרעק פאַר וויאַנען און פאַר שטאַרבן.

# די באַלאַדע פון די טעותן

קראַנקער קאָפּ אין נאַכטישן פענסטער.
הענט רופן גאָט. און אויגן — געשפּענסטער.

שטייט אויפ׳ן דאַך פון דער נאַכטישער שול
אַ שמש׳ וואָס נויגט זיך און רופט אין דער שטיל

— „אין שול אַריין׳ ווען ס׳שרעקט די נאַכט!
דאָס ליכטל אין קלויז׳ האָב איך אויסגעטראַכט!״

קלעטערט אַקעגן אויף קלויסטער-וואַנט
אַ גלח אַ שוואַרצער׳ דעם צלם אין האַנט.

„אין קלויסטער אַריין ווען ס׳שרעקט די נאַכט!
דאָס ליכטל וואָס ברענט האָב איך אויסגעטראַכט.״

פיבערט די נאַכט דער ווינט און דער רעגן
קומען צו שווימען פון וועגן און שטעגן.

אַ הייפּאַלע גוים אַ הייפּאַלע יידן
פון נאַכט-אַזילן׳ פון מערק און ירידן.

טאַפּן זיי בלינדע און זוכן די טירן —
„ווער ס׳האָט גערופן — דער זאָל אונז פירן!״

בליצט אויף אַ רגע אַ טעות־שײַן —
גייען די גוים אין שול אַרײַן.

בליצט אויף אַ רגע אַ טעות־שײַן —
גייען די ייִדן אין קלויסטער אַרײַן.

פֿאַריגלט די נאַכט הינטער אַלע די טירן —
דאָס ליכט וואָס קען רופֿן, דאָס ליכט קען פֿאַרפֿירן.

צעווײנט זיך דער קאָפּ אין נאַכטישן פֿענצטער,
קאָפּ וואָס טראַכט גאָט און זעט אייביק געשפּענסטער.

# איבערן גאָרטן די לבנה

איבערן גאָרטן די לבנה, ווייס ווי קרייד.
צייכנט אויף די האַרבסטיקע אַלעען דיגע שאָטנס-זייד.
אַ גאָלדענער שלייער פלאַטערט דורעך און צערינט,
און נעמט מיט מיט זיך דעם ייִנגסטן חלום פון דעם ייִנגסטן קינד
אָ זעונג מיינע שוין ניט איינמאָל דיך געזען. נאָר ווען?
ביזטו דער האַרבסט? ביזטו דער פאַרק? צי פאָל ווערלען?

# דער פרעמדער אורח

דער פרעמדער אורח אין טונקלען נאַכט-אַזיל,
קוקט מיט פחד אויף די טונקלע ווענט,
ווו ס׳ליאַרמט די שוואַרצע מחנה און קלאַפּט
טשוועקעס דעם שאָטן-קעניג אין די הענט.
דורכן אָפענעם פענסטער לויפט אַ וועג פאַרביי,
און קרייצט אַ צווייטן, וואָס לויפט אויף לינקס
און ער, דער אורח שטייט אין סאַמע מיט —
אַליין אַן אויסגעטראַכטער, פרעמדער ספינקס.
נאָר מיט אַמאָל גייט אויף אין אים אַ ליכט,
אַ פרייד, אַ קיינמאָל ניט געאַנטע פרייד.
און ער ווייסט ניט, אַז אויף יענער זייט פון טיר
הייליק און גרויס דער בעל שם טוב שטייט.

# די באַלדאַע פונם ווייסן שיין

„גענוג געיאָמערט, טעכטערל,
און אויסגעוויינט דעם פּיין!"
— זע מאַמע, אויפֿן פּאָן פון נאַכט
אַ ווייסן קילן שיין".

„אַ טעות-ליכט, מיין טעכטערל,
א טעות-ליכט, ניט מער.
אויף פוסטע וועלדער זאָל עס גיין
און שוין ניט קומען מער".

— ווי קען עס דען אַ טעות-ליכט,
אַ טעות-ליכט נאָר זיין?
ס'צאפּלט דאָך מיין אייגן האַרץ
אין ווייסן קילן שיין.

„זאָג גיכער קרישמע, טעכטערל,
גאָט ווייסט, וואָס דאָס באַטייט!
דער ווייסער שיין איז, מאַמעשי,
אַ רוף פון יענער זייט.

און אַז מען רופט, ווי קען איך דען,
ווי טאָר איך דען ניט גיין?

צו קען איך דען מיין אייגן האַרץ
לאָזן דאָרט אַליין?

אין דרויסן איז אַ שטורעמווינט,
אין דרויסן איז אַ שניי.
איין רגע נאָך, דו ווייסער שיין,
איין רגע און איך גיי." —

זי כאַפּט אויף זיך דאָס שאַלעכל,
דאָס שאַלעכל איז רויט.
און רויטער נאָך איר אייגן בלוט
און ווייס דער שיין פון טויט.

די מאַמע שטייט ביים פענצטערל
און קוקט און קוקט זיך איין
און זעט דעם מיידל־סילועט
פאַרגיין אין ווייסן שיין.

# פאַראַן אַ שעה...

פאַראַן אַ שעה, וואָס קומט צעפליען מיטן ווינט,
און מאַכט בלויער און דורכזיכטיקער דאָס פענצטער מיטן קינד,
אַ שעה, וואָס קומט צעפליען, ווען די זון פאַרגייט,
ווען גאָלד באַפליטערט ווערט דאָס גראָעסטע קלייד
און דער מינדסטער בעטלער טראָגט אין האַנט זיין לוין, —
דעם קעניג מידאַס דיאַמאַנטענע קרוין...

# נאַכט׳ אויפן שוואַרצן טראָטואַר...

נאַכט. אויפן שוואַרצן טראָטואַר
שפילט אַ לאַמטערן מיט אַ קינד׳
און מיט דער בלינדער לבנה שפילט
אַן אַלטער בעטלער צענמאָל בלינד.
און נאָך א שווארצער שאָטן-מויז
יאָגט און הויקערט זיך דער ווינט
און איך — אויף יענער זייט פון ראָד
באַטראַכט דעם מאָדנעם קאַראַהאָד.
איצט פעלט מיר איינער נאָך צום שפיל —
ג אָ ט.

# גוט מאָרגן

דער שאָטן-קיניג וואַרפט אַוועק זיין קרוין,
און צעשמעטערט זי ביים פעלזן פון גראַניט.
— פייגאַלע שוועסטערל פונעם ליכט,
לאָמיר זינגען צוזאַמען אונזער מאָרגן-ליד!
דער וואַנדערער דרימלט נאָך אויפן שליאַך
און שטרעקט זיינע בלייכע האָריקע הענט
צו יענעם אוצר, וואָס די נאַכט צינדט אָן
און בלענדט די נשמה, ביז זי ווערט פארבלענדט.

פייגאַלע שוועסטערל פונעם ליכט,
אַזויפיל זון, אַזויפיל גאָלד און פרייד!
דער וואַנדערער ווישט זיך שוין די אויגן אויס,
און טרייסלט אָפּ די שאָטנס פון זיין קלייד
ער קוקט זיך אום... פרעמד... אַהאַ, דערמאַנט...
ער צלמט זיך און פאַלט אַנידער אויף די קני.
דער וואַנדערער פון שליאַך האָט אונז באַגריסט —
פייגאַלע, שוועסטערל, טרילילי...

# ג ל י ק

אַ גאַנצן טאָג געטרונקען זון און פעלד,
איצט גיי איך אַהיים באַרוישט און שכור.
די פיס מיינע וואַקלען שווער און מיד,
נאָר אויף די ליפּן פיבערט גאָלד און ליד —
אין ליד מיין גאָלד, — דאָס איז דאָך דער עיקר.

שוין לאַנג פאַרזונקען אין שאָטן פונם טייך
דער ספינקס, די קאַלטע מירמלשטיין-שאַראַדע.
נאָר פון דער ווייטנס ציטערט מיד און שוואַך
דער לעצטער שטראַל פון אַ פאַרלאָשענער באַלאַדע
ווער דאַרף זיי דען, אַ מלכה שעהערעזאַדע?

טרא לאַ, לאַ לאַ, מיין גאָלד, מיין טייבאַלע,
כ׳בין קרעזוס איצט, קום מיט מיר שפּאַצירן!
די גערטנער אַלע האָבן אויפגעבליט
מיט רויט און בלאָ און וויאָלעט קאָלירן.
הער, ווי ס׳פינקלט, פיבערט, לאַכט און בליצט!

טרא לאַ לאַ לאַ, מיין גאָלד, מיין פייגאַלע,
אַ בלאָער שמעטערלינג אין לבנה-ליכט
פלאַטערט, צאַפּלט, קושט דיר דיינע האָר,
און שטאַרבט אָפּ זינגנדיק אין מיין געדיכט,
און ס׳איז דער חלום אַזוי שטיל און קלאָר.

אַזוי שטיל און קלאָר, אַזוי שטיל און שיין,
ווי אונזער גיין דורך טונקל-בלאָע טירן
נאָר פּלוצעם — הער א זילבערן געוויין
אַזוי פון זיך, אַזוי פון זיך אליין —
דער פּחד, אַז אַלצדינג קען זיך נאָך פאַרלירן.

- - - - - - - - - - - - - -

טראַ לאַ לאַ לאַ, מיין גאָלד, מיין קעצאַלע!

# די באַלאַדע פון די דריי ווייסע טויבן

זאָגט דאָס מיידל צום שפיגל אַ שפרוך:
„איינס און איינס איז צוויי".
קומען צופליען פון דער ווייט
דריי ווייסע טויבן, ווי שניי.

די אויגן איינמאל צוגעמאַכט
און אויפגעמאַכט צוריק —
„ווייסע טויבן, ברענגט מיר שנעל
דאָס גאָלדענע רינגל-גליק!"

איז איינס געפלויגן קעגן נאַכט,
האָט זי די נאַכט געפאַנגען.
און אויף איר שוואַרצן מירמלשלאָס,
ווי א צלם אויפגעהאַנגען.

געפלויגן, געפלויגן די צווייטע טויב,
געפלויגן קעגן מאָרגן.
האָט זי געכאַפּט אַ רויטער שטראַל,
און אויפן אָרט דערוואָרגן.

דאָס דריטע טייבאַלע האָט דער וואַלד
מיט בלאָנדזע-ליכט פאַרשפּינען.
האָט עס פאַרבלאָנדזעט און קען שוין ניט
צוריק דעם וועג געפינען.

דער שפּיגל איז בלאָ, דאָס מיידל בלייך
און געל די ליכט די צוויי.
אין שפּיגל ציטערן שאָטנס דריי —
דריי ווייסע טויבן — ווי שניי.

# טרויריק ליד

איך וועל אַ לבנה דיר קויפן,
אַ לבנה פון זילבערפּאפּיר.
און וועל זי באנאכט אויפהענגען
איבער דיין קליינער טיר.

און פאר דער טיר וועל איך שטעלן
דריי סאָלדאַטן פון בליי.
און איבער זיי אַלע—דעם עלצטן
פון יאַפּאַנישן פּאָרצעליי.

„סאָלדאַטן, ליבע סאָלדאַטן,
לאָזט מיך אין שטיבל אַריין!
כ׳האָב געבראַכט דער קליינער בת-מלכה
אַ זילבערן קריגל וויין.״

—מיר קענען און טאָרן ניט לאָזן,
מען האָט אונז שטרענג פאַרווערט.
אַזוי זאָגט צו מיר דער עלצטער,
און ווייזט די בלאַנקע שווערד.

זאָג איך צו די סאָלדאַטן,
וואָס שטייען אויף דער וואַכט:

„כ׳האָב פֿאַר דער קליינער בת-מלכה
אַ גאָלדענעם שטערן געבראַכט"

„אַן אמתן גאָלדענעם שטערן,
געבראַכט פֿון דער ווייט, פֿון דער פֿרעמד.
וויל איך דעם שטערן צושפּיליען
צו איר זיידענעם העמד."

לאַכן די דריי סאָלדאַטן
וואָס שטייען אויף דער וואַכט.
ציטערט ביים עלצטן אַ וואָנציע —
עלעהיי ער וואָלט געלאַכט.

ר׳לעגט צו דעם פֿינגער צום שטערן
און קוקט עפּיס מאָדנע צו מיר:
— עפּיס, נו, עפּיס איז קאַליע
אין אייבער-שטיבל ביי דיר...

בלייב איך אַ טרויעריקער שטייען
מיט שטילע פֿאַרבראָכענע הענט
און איידער כ׳האָב צייט צו וויינען,
איז שוין דאָס ליד צו ענד.

# נאַע דער ציגיינער

נאַע דער ציגיינער האָט אַ זילבערן פידאַלע,
צווי פעך-שוואַרצע אויגן, און אַ קיניגרייך מיט לידער.

זומערצייט. ווען דער אָוונט ווייגט אַריין די וויאָלעטע פאַרבן
אין זיין קליינעם פענסטערל, הייבט ער אויף די שוואַרצע
ווייס קעגן נאַכט

און זיינע פינגער איבער סטרונעס פיבערן
דאָס אַלטע טרויריק-שיינע מעשה-ליד פון יינגן מלך,
וואָס האָט אין ערב-אָוונטיקן סטעפ פאַרבלאָנדזעט,
און דאָרט באַגעגנט די שלאַנקסטע ציגיינערישע סאַרנע —
„ווי הייסטו, מיידל? — „מאַריטאַ, מיין האַר!"
„מאַריטאַ, ביזט שען!" — „דו חלומסט, האַר."
„זיי זשע דו מיין חלום, מאַריטאַ!"

און אַ בלאָע קאַרן-בלום האָט זי אים געגעבן
און מיט אַ שטילער פרייד אין האַרץ איז ער אַהיים געריטן.

אַזוי זינגט נאַע דער ציגיינער און איבער זיין קאָפּ,
ציטערט די בלאָע קרוין פון בענקשאַפט.

און יעדן אָוונט איז דער קיניג אין סטעפּ אַריינגעקומען,
און מיט אַ קול פון אַ פויגל גערופן זיין געליבטע.
דער קאָרן האָט צייטיק געבליט און פון צווישן די זאַנגען

איז זי מיט צעפלאָסענע האָר אים אַקעגן געלאָפן.
האָט ער זיין קאָפּ צו אירע הייסע ברוסטן געטוליעט,
און געמורמלט און געשטאמלט און געפיבערט —
„מאַריטאַ, ביזט שיין!—„דו חלומסט, האַר"
„זייזשע דו מיין חלום, מאַריטאַ!"

האָט זי אים אַ גאָלדענע קאָרן-זאַנג געגעבן,
און מיט אַ שטילער פרייד אין האַרץ, איז ער אַהיים געריטן.

אַזוי זינגט נאַע דער ציגיינער. און איבער זיין קאָפּ,
ציטערט די גאָלדענע קרוין פון ליבע.

און יאָרן גייען, יאָרן קומען, יאָרן פליען.
דער סטעפּ האָט אויסגעכאוועט גראָזן, בלומען און קברים.
דער קיניג איז אַלט און יעדן אָוונט קומט ער
געשפענסטיש און בלייך צום שטילסטן קבר'ל פון סטעפּ,
און טוליעט זיין שניי-ווייסן קאָפּ צום גרינעם גראז.
„מאַריטאַ, ביזט שיין געווען!" — דו האסט געחלומט, האַר.
„ביזטו געווען מיין חלום „מאַריטאַ!"

און מיט אַ רויטן קבר-בלימל אין זיין גאָלדענער קרוין,
טאַפּט ער דעם נאַכטישן וועג אַהיים.

אזוי זינגט נאַע דער ציגיינער און איבער זיין קאָפּ,
ציטערט די רויטע קרוין פון טרויער.

## יאַס

דו, אַלטע שטאָט, מיט ווינקליג-קרומע גאַסן.
אין דייגע פענצטער בליט דער אָוונט אויף מיט טויזנט פאַרבן.
איך וואַנדער אום אַליין און ס'שפינען זיך דמיונות,
וואָס בליען, ווי די זונען-בלעטער און זיי שטאַרבן.
און ס'קלינגען מיינע טריט מיט מידע עכאָס אויף די שטיינער
און קיינער שמייכלט צו דעם אָוונט, קיינער.

ביים אָפענעם פענצטער זיצט אַ מיידל,
און זינגט: „איך האָב אויף דיר אזויפיל געוואַרט"
און ס'צאַפּלט איר נשמה מיטן ריטם פון די אָוונטכמאַרעס
„צו האָסטו מיך, ליובינקער געגאַרט?
און ס'ברענען אירע אויגן שוואַרץ, פאַרקלערט און מיד,
און סשפּילט דער אָוונט-ווינט מיט טרוים און ליד.

פון דער שטילער אָוונטיקער מיידל-בענקשאַפט
אָטעמט צו מיר מיין מאַמעס טרויער.
איבער מיר ווערט דאָס פענצטער בלאַסער,
און אונטער מיר דער אוונט טונקל-גרויער.
און שאָטנס וועבן זיך, וויגן זיך, און שפינען
דעם צער, וואָס ויינט נאָך פאַרלוירענע זונען.

און אין דער טונקל וועבן זיך געשטאַלטן,
וואָס האָבן דעם גאַסן-שטויב אויף זיך געטראָגן.

הונגעריק, בלייך און פריילעך — נאַכט־וואַגאַנטן
מיט ווינט אין די האָר און הונגעריקן מאָגן.
און איינער הייבט דעם כּוס און הויבט אָן זינגן. —
ווי בלאָע אָוונט־גלעקער זיינע לידער קלינגען.

דער זבאַרושער ווערלוול — כ'האָב אים באַלד דערקאָנט
אָן זיינע לעבעדיקע גרויסע אויגן.
אין דעם שטויביק־טונקל־גרינעם פראַק,
דעם קאָפּ וויל־יינגיש אויף אַזייט געבויגן —
„קום נור אַהער, דו פילאָזאָף!" און ער לאַכט
שכּור פון שטערן, ווין, ווינט און נאַכט.

און ווייטער געוואַנדערט... און אין דער ווייט.
ווערן די געשטאַלטן ווי רויך צערינען.
אַ גאַסלאַמטערן ציטערט פאַרן אויג,
וואָס הוידעט שאָטנס און וואַרפט זיי טיף אין ברונען,
וואָס שטייט אַקעגן מאָכיג, טונקל־גראָ,
און שפּינט געשפּענסטיש אויס אַ וואנדער קראָ.

דו, אַלטע שטאָט, מיט ווינקליג־קרומע גאַסן,
פון דיינע פענצטער שטראָמט אַ זיס דערמאַנען.
דאָ האָט געבליט טרובאַדורן־ליד און לייד
און ס'בליען נאָך זכרונות, וועלכע וויאַנען
אין יעדן פענצטער, וואָס ברענט אין בלייכן שיין
און וויגט דעם וואַנדערער מיט בענקשאפט איין.

# גאָלדפּאַדעניאַדע

יאַס.
ווייסער שניי אויף מאַרק און גאַס —
פרישע שטיקער ווייסער קעז.
אויף אַ טעלעגראַפן-סלופּ
שפּאַנט א שאָלטיקל און זינגט :
— „הייסע באַבקאַלעך, יידאַלעך, הייס!"

הענדום פּענדום יידן צוויי
לויפן, קלאָפּן זיך צוזאַמען —
טראַך! אין טאַטן, אין דער מאַמען!
מאָדנע קללות אַלערליי,
אין ווייסן פּערז און האַלב אין גראַמען.
א פייג אהין, א פייג אהער
נאַ דיר, נטע! נאַ, אַוורעמל!
קרייט דער שאָלטיק אויפן סלופּ
— „הורא, ביידע קוני לעמל!

איינס און צוויי, איינס און צוויי.
לויפן קינדער מיט געשריי:
אָטאָ גייט ער, אָטאָ גייט ער, !
שמענדריק, חברה, - א טרומייטער
האַלט ער אין דער רעכטער האַנט,

און אַ פּייקל און דער צווייטער.
שניידער־יונגען, שוסטער־יונגען,
נאָדלען, דראַטוועס אין די הענט,
גייען פאָרויס און זיי זינגען:

„ווײַנט און קלאָגט, איר, ציונס טעכטער!”

טאַנצט בר־כּכבא אויף אַ שטריק,
האָצמאַך אין אַ טערקיש מיצל...
— בראַוואָ! ביס!. און אַ געלעכטער.

אויפן שולהויף, דורכן פענצטער,
קוקט אַרויס דער אַלטער רב:
—„גאָטעניו, אַזאַ מין שטראָף!
אין אַ פּראָסטן ערב מיטוואָך
חברה לצים, פּורים־שפּילער...
טאַבעקע אַ שמעק... האַפּציו...
פאַלט אַראָפּ אַ זיפּץ אַ שטילער.”
—„שוין פאַרפאַלן הײַנט דער שלאָף...

אויף אַ בעזים רײַט קאַלדוניאַ,
און דער האַנט־אַ לאַנגע בײַטש.
פאַר איר ציט זיך אויס אַ שאָטן
חצי חסיד, חצי דײַטש:
— „ס'שטייט געשריבן, אַז „לא תחמוד”
און איך ווייס נאָך ניט דעם טײַטש”

טײַטשט קאַלדוניאַ מיטן פינגער.
טאַנצט דער שטרײַמל, דער צילינדער,
ברומט דער אַלטער פּאָליציי:
— „קינדער, האָצמאַך איז אַ בלינדער”
— „קינדער, האָצמאַך איז אַ גוטער!”
— קינדער האָצמאַך איז אַ שלעכטער,

„ר׳האָט קיין גראָשן ניט ביים פופיק
פאַר די זיבן מאוסע טעכטער.״

פליט אַ דאַשעק אין דער הויך:
— בראַוואָ! ביס! און אַ געלעכטער.

פלוצים — אַלע אויף די קני:
אין אַ בלאָען שטערן-קלייד,
גייט שולמית הויך און בלייך,
ווי די מאַמע רחל גייט.
אין דער האַנד אַ זיידן שטריקל
(ס׳ציטערט שטיל איר שוואַרצע ברעם.)
זי פירט דאָס גאָלדענע ציגאַלע
איבערן ווייסן שניי אַהיים...

גייט שולמית איף צופריר,
און דער מאַסקאַראַד נאָך איר,
ביז זיי קומען צו א טויער,
ביז זיי קומען צו אַ טיר.
אַ פּראָזשעקטאָר פאַלט — אַ צווייטער...
און אַ דריטער — ווייטער, ווייטער...
פאַרביק בליצט אַ שילד אַרויס:
„פּאָמול ווערדע — „גרינער בוים״ —
וויג פון יידישן טעאַטער.

# זבאַרזשעריאַדע

צוועלעף מאָל האָט אויסגעקלונגן,
ווי אַ זייגער דער טראָטואַר.
גייט אַהיים אַ גאַס-לאַמטערן,
קען ער ניט די טיר געפונען.
לעגט ער צו די האַנט צום שטערן:
— בין איך נאָךביים קלאָרן זינען,
אָדער האַלט מיך ווער צום נאַר?"

פון דער נאַכט שווימט אים אַקעגן
שוואַרצער פראַק מיט אַ ציגייער:
„אַנטשולדיגונג! אַ ביסל פייער!
— „ביטע!" — טרוקן איז דער גאָרגל
און אין קעשענע קיין דרייער...
און ער מאַכט אַ רעוועראַנס:
— „וועלוול זבאַרזשער ערנקראַנץ"

און געאָרמט קאַטשען זיך
קאַלעאַ וואַקאַרעשט, דודעשט.*
פאַרביק ווי א רעגן-בויגן,
ברענען זייערע קרעטשמע-אויגן:

*) צוויי יידישע קווארטאלן אין בוקארעסט

## „Of draguța unde ești ?!*

אויף אַ פּעסל רייטנדיק,
פֿאָרט אַהיים אַ לידל-זינגער.
זיבעציק-אַ האָר ניט יינגער.
מיט זיין שמוציק-רויטן טיכל,
בינדט ער צו דער נאַכט אַ קאָדע.**
דורך צוויי בלאָע קילע ברילן,
זינגט אַ יונגער דיכטער ניכטער
צו דעם רויטן פּאַס אַן אָדע.

מיטן פּנים צו דער ערד.
כראָפּעט שוין דער גאַס-לאַמטערן.
קלאָפּט דער זייגער צוויי און דריי,
טאַנצט די נאַכט — אַ קוימען-קערער —
מיט אַ גראָבן פּאָליציי.
בייטן יעדעס מאָל די היטלעך,
און זיי טאַנצן פֿון דאָס ניי.

פֿון דער נאַכט שפּרינגט זיי אַקעגן
אַ צעבראָכענער צילינדער:
„נעמט אַריין אין ראָד מיך, קינדער,
הערט זיך צו צום רבינ׳ס ווינדער!
זעעוודיק איז שוין דער בלינדער,
און דער קרומער קען שון גיין.
כניאָקעס, באָקעס, קוגל-עולם,
אויף צוויי פּאות הענגט מיין גולם,
צאַפּלט אין דער לופֿט דער קילער.

*) „צאַך געליבטע וווּ ביסטו“

**) אַ עק

חוזק-שפּיל, און פּורים - שפּילער,
פלעדער-מייז, און קהלס בעלי-טובות,
ס'ווערט געמקלט און געחובלט
ווי אין מקל נועם... מקל... חובות..."
און ער מאַכט אַ רעווערענס:
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
— וועלוול זבאַרזשער ערנקראַנץ"

# אָקטאָבער־באַלאַדע

ציטערט אויף אַ קאָפּ ביים פענצטער
און צען האַרטע פינגער קלאַפּן:
„העי, געננוג דאָרט אין דער פינסטער
אויפן פוילן שטרוי צו כראָפּען.
רוסלאַנד פיבערט אויס אַ פרילינג,
קומט אַרויס דעם פרילינג הערן!
אמת, ס׳פאַלן געלע בלעטער,
אָבער ס׳בליען רויטע שטערן.״

אין דער שוואַרצער טונקלער חורבה
ציטערט אויף אַ באָרד אַ ווייסע:
„רויטע שטערן, זאָגסטו, בליען, —
גיי, דו שקרן, ס׳איז אַ מעשה.
רויטע שטערן זענען חלום,
געלע בלעטער זענען וואָר.
האָסט מיין ווייסע באָרד דערשראָקן,
גיי צו אַלדי שוואַרצע יאָר!״

שטייט דער קאָפּ ביים צווייטן פענצטער
און צוויי האַרטע פויסטן קלאַפּן:
„העי געננוג דאָרט אין דער פינסטער
אויפן פוילן שטרוי צו כראָפּען.״

שפּרינגט אַ יונג פֿון זײַן געלעגער.
„פרילינג, זאָגסטו, און אָקטאָבער
איבער אונזער ווייסן לאַנד...
רויטע שטערן... אמת... אמת..."
און ער כאַפּט די ביקס פֿון וואַנט.

שטייען צוויי ביים דריטן פענצטער
און פיר האַרטע פויסטן קלאַפּן:
„העי, גענוג דאָרט אין דער פינסטער
אויפן פוילן שטרוי צו כראָפּען.
רוסלאַנד פיבערט אויס אַ פרילינג,
קומט אַרויס / עם פרילינג הערן!
אמת, ס'פאַלן געלע בלעטער,
אָבער ס'בליען רויטע שטערן."

צען און הונדערט סילועטן
שפּאַנען אויפן שוואַרצן שליאַך.
ס'פרעסט דער הונגער זייער דערפל,
און דער טרויער-זייער דאַך,
ווייסע מאַמעס אויף די שוועלן —
קראַנקע וויזיעס פון דער נויט,
נאָר די ביקס הענגט אויפן אַקסל,
און דער שטערן פיבערט רויט.

טונקל פאַרבן זיך די פעלדער.
טונקל פאַרבן זיך די וועגן.
פלאַטערט זיי אַ שוואַרצער פויגל,
ווי אַ וואָרענונג אַקעגן.
ווייסן זיי: ס'איז דער טרויער
פון דעם ווסיש-ברייטן סטעפּ.
ווערן זייערע אויגן טונקל,
און געבויגענע-די קעפּ.

„העי, דו פויגל, שוואַרצער פויגל,
דו דערמאַנסט אונז אונזער היים
מיטן קלויסטערל דעם גרינעם,
און די שטיבאַלעך פון ליים.
אָן די שוועסטערלעך די קליינע
מיט די ווייסע פלאַקסן-צעפּ,
וועלכע וויינען מיטן אָוונט
איבער אונזער ברייטן סטעפּ.

פלאַקערט רויטער אויף דער שטערן,
ווערט דער שוואַרצער פויגל רויט.
זינגען זיינע ברייטע פליגל:
„העי, נצחון, אָדער טויט!"
הונדערט שאַרפע מאַסקעס שוועבן
דורך דער טיפער נאַכט פאַרביי,
און די דערנער ווערן ביקסן,
און די כמאַרעס ווערן בליי.

„העי, דו פויגל, רויטער פויגל,
העי דו פויגל פלי געשווינט.
פלי אַדורעך אונזער ד'ערפל —
דו און דער אָקטאָבער-ווינט.
ס'איז אַ חלום אויפגעגאַנגען
איבער אונזער ווייסן לאַנד,
און מיר גייען אים דערגרייכן
מיט די ביקסן אין דער האַנט.

# ג ע ב ו ר ט

געבורט! געבורט! ס׳ליגט די וועלט אין קראַמפּען.
פלאַטערן פּאָנען, זעונגען, סיגנאַלן.
וועגן קרייצן זיך, באַיאָנעטן בליצן, האָרנס שאַלן.
פלאַנעטן פיבערן, אַ יעדער ווילן איז אַ באַיאָנעט.
און דו, באלאדן-שפּינער, שאָטן-וועבער, דו פּאָעט, —
זוך דיר דיין פּאָן אַרויס צווישן אַלע פּאָנען.

געבורט! געבורט! ס׳ליגט די וועלט אין קראַמפּען.
אַ נייער פּורפּור-מאַנטל, ווערט אַצינד געשפּינען.
בעטהאָווענס שאָטן פלאַטערט איבער באַריקאַדן.
מיט רויטע אַנונגן, איז דער האָריזאָנט געצינגען.
גרעסער איז ז׳י ר.ע פון אָלימפּ מיט זיינע מיטהען.
אַפּאָלאָס טאָגע פלאַקערט. טויזנט טילועטן
פון וועלט-נצחון, אין זיין ברוסט אריינגעשניטן.

מיך האָט די נאַכט געוויקלט אין אַ קויטיק העמדל,
אָנגעשפּיקעוועט מיט געלע לייז, און גאָלדענע שטערן.
אָ, קינדהייט מיינע! טרויער-ליכט. בלינדער גאַס-לאַמטערן.
מיין טאַטנס „מלך-אביון-הימן”. מיין מאַמעס טרערן,
און טויזנט פינגער ציגדן מיינע בלוטן, — זע!
די צייט געהערט דעם אָדלער, און ניט דעם סאָלאָוויי.
און אונזער וועג איז בלוטיק, און אונזער קרוין איז גאָלד.

גבוורט! געבורט! כמאַרעס פּלאַקערן. שטורם
קרייציקט אַלע ראָבן אויף די פּאַלאַצן און פענצטער.
מיליאָנען פאַקלען ברענען רויט, דעליר, געשפּענסטער.
און גראָע אַרעמס קייקלען שווער דאָס זונען-ראָד, —
דאָס גרויסע וועלטן-ליכט דורך אַלע הקדישן און מיסטן.
ווער טרויערט נאָך אַצינד, ווען ס׳טאַנצט די ערד,
נאַקעט אָפּגעדעקט מיט פליענדיקע בריסטן?...

# אַ ה ע ר!

אַהער! אַהער! ס׳ברענען אַלע תפיסות. פלאַמען.
פאַרלוירענע קינדער פונם דור, צו אונז אַהער!
אונזערע לידער — פייער-צינגער און וואולקאַנען.
אונזערע רגעס — אָנגעלאָדענע, מיט דינאַמיט.
אַריין אין ריטם פון נצחון! אין קאַראַהאָד פון שווערע טריט!
מיר פרעדיגן די אויפערשטייונג פאַר אלע בלומען,
וועלכע וויאַנען

אַהער! אַהער! דער תליון הענגט אַליין שוין אויף דער תליה,
פעסטער, פעסטער ציט צונויף די שטריק!
איבער זייער אָפּגרונט שליידערט אונזער בריק —
ווייזיע אויסגעשפּינענע אין נעכט פון דורות.
טריומף! טריומף! אַ שפּיל פון ליכט און פאַרביקע מנורות.
רעפלעקסן ציטערן אויף יעדן פינסטערן געזיכט,
און אונזער תורה פלאַטערט איבער אַלע תורה׳ס.

קרייציקט אַלע פידלען ביי די וואַסערן פון בבל.
דאָס ליד פון בלוט און פייער פיבערט אין טרומייט.
קרייציקט אַלע קינדער-טרערן אויף די קראַנקע מאַנדאָלינעס,
און אויף דעם זונפאַרגאַנג, דעם שוואַרצן פרויען-שלייער-לייד.
ווילד-פאַרוואַקסענע מיט גראָ-פאַרשטויבטע בערד —
גייען מיר דעם בליענדיקן ליכט אקעגן.

דאָס ליכט איז רויט. ווער ס'לעסטערט, ווערט פאַרשטיינט,
ווייל רויט איז אונזער פּיין, געצייכנט אויף די וועגן.

אויף אַלע פאָנען ברענט די נאַכט. אויף אונזער פאָן — דער חלום.
ספּאַרטאַקוס פריי און נאַקעט אויף אַ פּיראַמידן-שפּיץ.
זיין שווערד — אַ שאַרף-געשליפענער און רויטער בליץ,
און אַלע שטייען מיר מיט אים צוזאַמען.
שטעט און דערפער וואַרפן, קאָרטשען זיך אין פלאַמען.
און איבער קלויסטער-דעכער טאַנצט דער טויט זיין מענועט.
דער נביא ברענט און שטראָפט. ד'ר שפּעטער ברענט און שפּעט,
און מיר די זיגער שטייען איינגעהילט אין רויך און פלאַמען.

# אַליין

איצט בין איך אַליין און די נאַכט איז מיט מיר,
און ס'קריכן די שאָטנס פון די ווינקלען אַפיר,
און שפּינען מיט בלוטיקע פינגער אַ טאַנץ.
אין פענצטער צערינט דאָס לעצטע געזיכט.
און דער לעצטער שמייכל קלינגט אויס ווי אַ ליכט,
און ס'ציטערט דער ווינט:
„אַליין — איז אַליין.
ווער ס'קען ניט לאַכן, פאַר דעם איז געוויין."

איצט בין איך אַליין און די נאַכט איז מיט מיר,
און אויף זיבעציק שלעסער פאַריגלט די טיר
פון מיין טונקל געמיט.
און איינזאַמע שפּילן די שאָטנס מיין ליד
אויף האַרפן פון מענטשליכע שאַרבנס געשניצט.
און אַלץ, וואָס מיין האַס האָט מיט ציינער געקריצט,
פאַלט מיט די קלאַנגען אויף נאַכט-קילן שטיין,
און דער נאַכטוועכטער ברומט:
„אַליין — איז אַליין."
ווער ס'קען ניט לאַכן, פאַר דעם איז געוויין."

איצט בין איך אליין, און די נאַכט איז מיט מיר,
און אַ צלם אַ רויטער ברענט אויף מיין טיר,

מײַן װילדער, קראַנקער געדאַנק.
און יעדערעס װאָרט פֿורעמט שטום זיך — אַ שלאַנג,
און ס׳סװיסטשען די שלאַנגען אַ פֿינסטער געזאַנג,
װאָס קלינגט אָפּ מיט סם אױף דער מױער פֿון שטײן:
„אַלײן — איז אַלײן.
װער ס׳קען ניט לאַכן, פֿאַר דעם איז געװײן.“

# עקידת יצחק

— וואָס זעסטו איצטער, מיין קינד און קרבן?
— איך זע: איבערן ליכטיקן הימל-בלאָ
ציט אויס די פליגל אַ שווערע טיפע שעה
און אויף אַ צלם הענגט אַ מענטש געשטאָרבן.

וואָס שטייסטו, פאָטער, אַזוי בלייך און שטום,
און ס׳גליטשט דיין מעסער זיך אַראָפּ צו דר׳ערד?
— דיין שענער טויט איז אַן אַנדערן באַשערט,
טו אָן דיין טרויער, מיין קינד, און קום.

— ווער איז ער, ווער? איך וויל זיין פנים זען.
הייליק דאַרף ער זיין און אויסטערליש און שען —
אָדער, וואָס האָט מיין קרבן צוגענומען!

— קום, קינד, דער אָוונט טונקלט שוין אין פעלד.
דער וועג איז לאַנג און וויט נאָך דאָס געצעלט,
און ער, דער גליקליכער ער דאַרף ערשט קומען.

# ר ב ק ה

— וואָס וויינסטו, מאַמע, ווען דער אָוונט בליט ?
— צוויי קינדער האָב איך אין איין שעה געבוירן,
און גיין וועלן ביידע אין איין שעה פארלוירן —
איז ווער קען טרייסטן מיין מאַמעדיק געמיט ?

לעש אויס דעם טרויער פון דיין אויג און הער :
אויף זייער לעבן הענגט אַ שנאה-שטערן,
און איינער וועט פון צווייטן אַוועק זיך קערן.
איצט בינדט זיי נאָך צונויף דיין מאַמעדיקע טרער.

נאָר שפעט אַמאָל, ווען ס'וועט די מערב-זון פאַרגיין,
וועט איינער פאַרן צווייטן אין דער מיט
פון מדבר שטיין
און ציטערנדיק פאַרשטיין דאָס פאַרגייענדיקע רויט.

און איינער וועט די האַנט פון צווייטן ברודער נעמען,
און מורמלען עפּיס טרויריק, און טרויריק
זיך פארשעמען —
צעשיידט האָט אונז דאָס לעבן, איצט פאַרברודערט
אונז דער טויט.

# יוסף

— וויפיל זענט איר ברידער? — צען, אָ האַר!
און דער איז אונזער יינגסטער, נאָך אַ קינד.
אין זיינע לאָקן שפּילט דער ערשטער פרילינג-ווינט,
און אונזער פאָטער בענקט נאָך אים, גייט אויס
פאַר צער

און יוסף קוקט אויף זיין יינגסטן ברודער לאַנג,
און שמייכלט שטיל, ווי אָן עפּיס זיך דערמאַנט,
ער זעט זיך צ׳ריק אַ קינד אין דעם ווייטן לאַנד,
און ס׳ווערט אים אומעטיק אין זיס און באַנג.

אַ קוק אויף יענע צען, ווערט פינסטער זיין געזיכט.
אַ קוק נאָר אויפ׳ן קינד, גייט אויף אין אים אַ ליכט,
און זיינע אויגן ווערן שטילער, ווייכער, מידער

„יוסף בין איך, שרייט ער אויס, איר האט מיך
ניט דערקענט!"
— און פרייל׳עך שטרעקט ער אויס צו זיי די הענט —
„אין נאָמען פונעם קינד, בין איך אייך מוחל, ברידער!"

# דוד המלך

אפילו אין קיניגס פענצטער שטאַרבט די זון.
און ס׳איז דער קיניג אַלט, און ווייס, ווי שניי.
צו דער האַרף נאָר בלאָנדזען זיינע טונקלע אויגן צוויי.
אפילו אין קיניגס פענצטער שטאַרבט די זון...

און הינטער אים, שטייט זיין ווידער-קול — דער טויט,
איינגעהילט אין גאָלד-באַברעמטן, פינסטערן טאַלאַר,
און שמייכלט שטיל צו זיך — דער האַר פון האַר,
און אויף זיין קאָפּ די קרוין זיך מינעט רויט.

בויגט דער קיניג איין דעם קאָפּ, און ווערט אַנטשלאָפן
אויף דער האַרף
מורמלט שטיל דער טויט צו זיך אַליין: מען דאַרף
דעם קיניג איינהילן אין זיין לעצטן באַכטישן געוויין.

אַדעם וואָס איז געוועזן גלויביק, ווי אַ קינד,
זינדיק ווי אַ גאָט און הפקר, ווי אַ ווינט,
און שען, ווי נאָר אַ חלום קען זיין שען.

# דער פּאַטריאַרך

(ר׳ מענדאַלע)

אַ ווייסע באָרד, אַ הויכער שאַרפער שטערן,
אַ דינער שמייכל אין די גראָע אויגן.
אַ ווייסע האַנט מיט בלאָע אָדערן פאַרצויגן.
און אויפן פענצטער שפּיגלט זיך זיין קלערן.

אַ דינער נעפּל האָט די גאַס פאַרצויגן —
„וואָס לאָזט מיך דער זילבערנער נעפּל הערן?
די קליאַטשע שלעפּט אַ וועגאַלע מיט שטערן,
און ערגעץ מינעט זיך אַ רעגן־בויגן.

דער פּאַטריאַרך עפנט ברייט דאָס פענצטער.
אויפן נעפּל פלעקן זיך געשטאַלטן —
אַ לעבן מיט פאַנטאָמען און געשפּענסטער.

אַ גראָע טאָרבע פלאַטערט אויף די וועגן,
און ס׳שלעפּן פירלעך זיך דורך ווינט און רעגן,
וואָס ווילן זיך אין שויס פון נאַכט באַהאַלטן.

# די באַלאַדע פון דעם לייזיקן מיט דעם געקרייציקטן

שטייט דער לייזיקער אויפן טונקלען שליאַך,
און וועקט דעם געקרייציקטן פונם שלאָף:

ווער האָט דיר געזאָגט, אָ, יעזוס, ווער,
אַז דיין קרוין איז הייליקער פון מיין טרער?

ווער האָט דיר געזאָגט, אָ יעזוס, זאָג,
אַז דיין קרוין איז הייליקער פון מיין פלאָג?

שטאַמלט יעזוס: איך בין אַ קינד,
און מיין היים איז דער צלם אויפן ווינט.

שטאַמלט יעזוס: ווי און דריימאָל ווי
צו מיין רויטן פרילינג אויפן ווייסן שניי"

פיבערט דער לייזיקער: וואו איז מיין היים?
שפינוועבס און נאַכט און ווינט און ליים

וואו איך שטעל מיין טראָט, בין איך אין דער פרעמד,
און לייז ווי שטערן ברענען אין מיין העמד.

און דיך צווייַ פּרויען וויגן דיך אויף ווינט,
איינע שטאַמלט: „געליבטער!” און די צווייטע: „קינד.”

פאַר דיין יעדער וווּנד איז אַ ליפּ פאַראַן,
וואָס הייליקן דיין גוף, געקרייצטער מאַן.

פאַר דיין יעדן דאָרן זענען קני פאַראַן,
וואָס הייליקן דיין קרייץ, געקרייצטער מאַן.

און איך בין צו די הינט און שאָטנס גלייך,
וואָס וואָיען הפקר אויפן טונקלען שליאַך.

שטאַמלט יעזוס: לייזיקער, איך גלויב,
אַז דריימאָל הייליק איז דיין טרער און שטויב!

און פון דעם צלם רינט אַ זילבערן געוויין,
שמייכלט דער לייזיקער און לאָזט זיך
פריילעך גיין

מיט שווערע טריט אין שפּעטן דאָרף אריין
נאָך אַ לאַבן ברויט, און נאָך אַ בעכער ווייַן.

# די באַלאַדע פון דעם אַלטן גלח, דער קראַנקער מאַרי און דעם שוואַרצן תהילמל.

דער אַלטער פויער קלאַפט אין טיר.
דער ווינט גייט שאַרף.
„פּאַטערל גלח, עפן מיר,
מיין טאָכטער צאַנקט אויס ווי אַ ליכט
מיין קליינע שיינע טאָכטער דאַרף
די לעצטע טרייסט פון דיר.“

אַ ליכטל ציטערט אויף אין שויב,
אַ רגע, און פאַרגייט —
אַ שאָטן פיבערט אויף דער וואַנט,
אַ סקריפּ פון טיר, דער גלח גייט,
דער אַלטער גלח אין שוואַרצן קלייד
דאָס תהילמל אין דער האַנט —

„שענע מאַרי דיין פּנים איז בלייך,
דיך שרעקט דאָס טונקלע לאַנד,
די רגע טונקלקייט, וואָס פאַרגייט
און דערנאָך איז דאָך פרייד, איז סאַמע פרייד,
מורמלט דער גלח שטילערהייט, —
דאָס תהילמל אין דער האַנט.

הער, פּאָטערל, הער, דער בלאָער וויגט
לאָזט ניט פון דאַנען גיין,
הער פּאָטערל, הער, דער גאָלדענער קאָרן
זאָגט ניין און דריימאָל ניין."
און אירע שווערע גאָלדענע צעפּ
פאַרגייען אין געוויין.

מורמלט דער גלח: אָרעם קינד,
דיך שרעקט דאָס טונקלע לאַנד,
די רגע טונקלקייט, וואָס פאַרגייט
און דערנאָך איז דאָך פרייד, איז סאַמע פרייד, —
מורמלט דער גלח שטילערהייט, —
דאָס תהילמל אין דער האַנט.

"הער, פּאָטערל הער, די רויטע רויז
לאָזט ניט פון דאַנען גיין.
הער פּאָטערל, הער די בלאָע שוואַלב
זינגט: ניין און דריימאָל ניין
און דעם פּאַסטוכס פייפל טיף אין טאָל
פאַרגייט זיך אין געוויין."

מורמלט דער גלח: — וואָס איז דער מענטש?
אַ שטרוי, אַ קינד, אַ ווינט.
די נשמה בענקט און רופט צו גאָט,
פיבערט די קראַנקע שווער און הייס:
"די נשמה בענקט צו זינד..."

דער גלח איז בלייך, אין פענצטער קוקט
דער טויט — אַ שוואַרצער הונט.
דער גלח טוליעט דאָס תהילמל צו
צו אירע ליפּן: אַ קוש! אַ קוש.
און אויפן שוואַרצן תהילמל ברענט
אַ ווונד, אַ רויטע ווונד.

און גלעקער קלינגען דורך דער נאַכט
גלין-גלאַנג, גלין-גלאַנג, גלין-גלאַנג.
דער גלח אָטעמט טיף און שווער,
אויף זיינע ווייַס ציטערט אַ טרער,
ער פילט ווי קיינמאָל ביז אַהער,
אַז ס'טוט באמת באַנג...

## די באַלאַדע פון דעם אַלטן קאָבזאַר מיט דער נאַכט־געשטאַלט

נאַכט. פון די טונקלע בוימער רינט
דער ווינט. און ס׳גליט
אַ האַלבע לבנה פינקלנדיק רויט,
און ס׳אָטעמט מיט טויט,
מיט שאָטן-שפיל און אָסיען-ווינט.

אויף אַ נאַכט-פערד רייט
אַן אַלטער קאָבזאַר, דעם צימבל אין האַנט.
אין די אויגן גליט
די בענקשאַפט, די נאַכט, און דאָס טונקלע ליד,
וואָס קלינגט מיטן ווינט פון דער גאָרער ווייט.

און ס׳ציטערט דאָס ליד:
„העי, מאַרושקאַ, די פעלדער בלין,
די פעלדער בלין, און די שטערן גלין,
און דאָס האַרץ איז מיד"
רוישן די ווינטן: דאָס האַרץ איז מיד,
און מיט די ווינטן די פייגל פלין.

דער נעפל ווערט בלאָ,
און ליכטיק-גרין, און טונקל-גרין

און ווידער בלאָ — אַ פֿאַרבן־שפּיל —
אַ נאַכט־געשטאַלט אין ווייס געוואַנט
ווינקט ריטמיש מיט דער דאַרער האַנט
און ס׳ווייט מיט פּייכטער שאָטן־קיל.

„העי, דו קאָבזאַר,
די פעלדער בלין, און די שטערן גלין,
און דאָס האַרץ איז מיד״
רוישן די ווינטן: דאָס האַרץ איז מיד,
און מיט די ווינטן די שטערן פלין.״

נאַכט פון די טונקלע בוימער רינט
דער ווינט, און ס׳גליט
אַ האַלבע לבנה פינקלנדיק רויט,
און ס׳אָטעמט מיט טויט,
מיט שאָטן־שפּיל און אָסיען־ווינט.

# די באַלאַדע פון די שמייכלען

פינסטערע האַרבסט-נעכט מיט פאַקלען אין הענט
צינדען אויף פאַרמעטענע הימלען אָן
רויטע לבנה׳ס, וואָס שמייכלען און שטאַרבן.

בעטלער-קינדער אויף פינצטערן שליאַך
קלייבן די שמייכלען אין טאָרבעס אַריין
וואָס ציטערן גראָ אין די דאַרע הענט.

וואַקסט פאַר זיי אויס אַ בלייכע געשטאַלט
וואָס שטרעקט זיין מאָגער-געשפענסטישע האַנט:
„שענקט אַ שמייכל מיין טרויריק געמיט.“

וויינען די קינדער מיטן ווינט:
„אונזערע היימען זענען בלייך,
א יף אונזערע שויבן בליט קיין שמייכל ניט“

און פינסטער קוקט דאָס בלייכע געשטאַלט,
ווי ס׳שלינגט דער נעפל די קינדער איין —
דער נעפל, וואָס בליט אויפן פינסטערן שליאַך.

# האַנט

מיין פענצטער בלאָ און שטיל,
נאָר טונקל איז מיין וואַנט.
איך שפּיגל אָפּ מיין האַנט
אויף פענצטער און אויף וואַנט.

אויף פענצטער בלאָ און מיד —
האַלב אָוונט, און האַלב ליד.
האַלב בענקשאַפט און האַלב טרער,
נאָר אומעטיק און שווער
הענגט זי אויף דער וואַנט.

איך האָב זיי באַלד דערקאָנט —
מיין פּחד אויף דער וואַנט,
וואָס אָטמט טיף און שווער.
מיין טרויער אויף דער שויב —
האַלב אָוונט און האַלב טרער.

# ס י ל ו ע ט

שטיל... נאַכט.., בוים... טרוים... סילועט
ריר איך אָן די נאַכט מיט מידע פינגער,
בלאָער ווערט אין מיין געמיט און גרינגער,
בלאָער, שטילער גרינגער — אַ געבעט.

דער וועג וואָס הינטער מיר, איז גראָ און שטויביק
פאַר מיר — נאַכט... בוים... טרוים... סילועט.
מיין געדאַנק איז יינג און שטיל און גלויביק,
בלאָ און גלויביק מיין געמיט ווי אַ געבעט.

ווינט אין מיינע האָר, און צער אין מיינע קליידער,
זינגען אויסגעלייטערטע אַ בלאָ געבעט.
צוגעטוליעט צו דעם כמאַרע-קאָפּ פון האָריזאָנט
נאַכט... בוים... טרוים... סילועט.

אַ בלייכע קומט מאַריאַ מאַגדאַלענאַ מיר אַקעגן,
מיט פינגער אויף די ליפּן — אַ געבעט:
„איינגעשלאָפן איז די זינד אין מיינע פאַלדן.
שטיל... נאַכט... בוים... טרוים... סילועט.”

# ביים וועג

טונקל דער וועג, איך בין אַליין,
איך און אַ שאָטן פון קינד.
די טאָרבע וואָס כ'האָב אויפן אַקסל
געהאַט,
האָט מיר פאַרטראָגן דער ווינט,
דער בלינדער לבנה מיין שטעקן געשענקט
אויף אָפצוטרייבן די הינט.

זעץ איך זיך שטיל ביים וועג אַוועק,
איך און דער שאָטן פון קינד.
קוקן מיר ביידע אַ שטערן אויס,
קומט נישט קיין שטערן אַצינד,
לאַך איך, הער איך ווי ס'וויינט
שטיל דער שאָטן פון קינד.

גלעט איך זיין קעפל און זאָג אזוי:
— וואָס איז דיין צער און דיין שרעק?
ס'גייט די נאַכט, אַ שוואַרצער ים,
איבער אונז ביידע אַוועק.
וואָס בלייבט אונז מער ווי תפילה טון,
ווען מיר שטייען ביי דעם ברעג.

טאָ לעג צו׳נויף דײַנע קלײנע הענט
און זאָג מיר נאָך אַזוי:
וואָס איז דער מענטש דאָ געבן מיר
און איך זײַן שאָטן — שטרוי
מיר זענען גאָט אין דײַן רשות
אַזוי דו קינד, אַזוי.

איצט וויש דיר דײַנע טרערן אוים
און לעג דיך אויפן פעלד,
און לאָז דורך דײַנע נערוון גײן
דעם חלום און די וועלט.
און נעבן אונז וועט טרויערן
די נאַכט אין איר געצעלט.

טונקל דער וועג. מיר זענען אליין,
איך און דער שאָטן פון קינד.
די טאָרבע וואָס כ׳האָב אויפן אַקסל
געהאַט,
האָט מיר פאַרטראָגן דער ווינט
דער בלינדער לבנה מײַן שטעקן געשענקט
אויף אָפּצוטרײַבן די הינט.

# גאָלגאָטאַ

בלאָער אָוונט אין מיינע האָר,
אויף ווייטן שליאַך בין איך אַליין.
ס'איז טיף אין מיר צום שטאַרבן שיין,
און אַלץ וואָס טרוים, ווערט צווייטמאָל וואָר.

ווייט און נאָנט אין איין קאָליר,
איין בלאָען ציטער אַיינגעהילט.
און וואָס פאַרלוירן און פאַרשפּילט,
רעדט איצט מיט גסיסה און דעליר.

דעליר און דעמערונג און בלאָ,
און איך — אַ איינזאמער מאָנאַך,
טראָג אויף די אַקסל שווער דעם שליאַך
אינאיינעם מיט מיין לעצטער שעה.

אַדורך דעם אָוונט און דער וועלט,
מיין קרייץ און מיין גאָלגאָטאַ-גאַנג
דער שליאַך האָט וואונדן-טריט אויף גוף,
און איך האָב אַקסל און געזאַנג.

און מיינע אַקסל זינגען שטיל —
ווי שען דער אָוונט און זיין בלאָ!
און הייליק דער גאָלגאָטאַ־וועג,
געקרייציקט אויף מיין לעצטער שעה.

# אָ ו נ ט

אָוונט אויף די דעכער —
געוועב פון טונקל און פון קלאָר.
שטערן בליצן גאָלד און בלאָ
אויף מיין געזיכט, אין מיינע האָר.

מיין טריט איז שטיל,
די רגע צינדט, פאַרלעשט און צינדט...
און טיף אין מיר קלינגט ריטמיש אָפּ
דער צער פון גיין דורך שטויב און ווינט.

קום מיט מיר,
און לאָמיר שטיל צוזאַמען גיין.
איך ווייס, ביים ברעג פון מיטן-נאַכט,
וועלן מיר דאָס לעצטע ליכט דערזען.

דורך מיינע נעכט
איז גאָט געגאַן, אין בליץ געהילט.
און ס׳האָבן זיינע טריט אין מיר
מיט ליכט געקלינגען און געשפּילט.

און ס׳האָבן שטערן אויפגעבליצט
אויף מיין געזיכט אין מיינע האָר.

איז גאָט פֿאַראַן אין אונזער טרוים,
איז ער פֿאַראַנען אויף דער וואָר.

דער וועג צו אים
איז מיטן-נאַכט און שטויב און ווינט.
און אַלע אַנען מיר דאָס ליכט—
דער בלינדער זקן און דאָס קינד.

קום מיט מיר,
און לאָמיר שטיל צוזאמען גיין.
איך ווייס, ביים ברעג פֿון מיטן-נאַכט,
וועלן מיר דאָס לעצטע ליכט דערזען.

# פרילינג אין פּאַרק

נאַכט אין פּאַרק, די ווייסע רויזן
דופטן סם און אָטמען שווער.
ס'ציטערט אויף די דינסטע טרער
אין טונקלער טיף פון מיין געמיט.
און טרער איז לייד, און טרער איז ליד.
אַ פויגל פלאַטערט אויף און פליט —
אַ רגע אומרו דורך דער נאַכט.
מיין בלוט קלינגט הייזעריק און שווער,
און ס'רינט דער ווינט דורך מיינע האָר.
ווער איז דאָ נאַכט? און ווער איז קינד?
און וואָס איז קלאָר?

זיג-זאַג — אַ בליץ! און אַ געדאַנק
שניידט טיף זיך אין די נערוון איין.
דאָס בלוט איז רויט, און רויט דער ווייַן,
און רויט דער שטילער זונפאַרגאַנג.
דורך טונקלע בלעטער בליצט אַ שלאַנג,
און ווערט צעריננען אין דער נאַכט.
אַ רגע בליץ אין פּאַרק, און ס'האָט
אַנטפּלעקט זיך מענטש און שלאַנג און גאָט.

און אַלע דריי האָבן אין מיר געלאַכט.

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

נאַכט אין פּאַרק, די ווייסע רויזן
דופטן סם און אָטעמען שווער.

# דערוואַרטונג

די האַנט, וואָס שליידערט פינצטערניש
אין אַלע עקן פון דער ערד,
זי האָט דעם ווייסן געץ פון ליכט,
ווי זאַמד צעשמעטערט און צעשטערט.

איך ווייס, אַז גרעסער, ווי דאָס ליכט
וואָס ברענט אין ווינקל שטיל און פרום,
איז אָט די גרויסע פינצטערקייט,
וואָס נעמט די גאַנצע וועלט אַרום.

אין נאַכט, אין טיפער פינצטערקייט,
האָט גאָט זיין נאָמען איינגעדעקט.
נאָר ווען ס'רופט די טיף פון האַרץ,
ווערט, ווי אַ בליץ זיין גנאָד אַנטפּלעקט.

איך שטיי ביים ברעג פון מיטן-נאַכט,
אויף גראָען שטעקן אָנגעשפּאַרט.
דאָס האַרץ מיט פּחד אָנגעגורט,
פאַרמאַכט די אויגן און איך וואַרט.

די פינצטער קלינגט און רוישט און זינגט,
מיין בלוט קלינגט מיט און הערט זיך איין.

ס׳גייט אויף אַ רויש פון נאַכט און שיין,
און עפּיס נאָך... וואָס — ווייס איך ניט.

אַ גרינע מאַסקע פלאַטערט אויף,
די אויגן שאַרף, ווי שטאָל און גראָ.
און ס׳בליצן אירע קאַלטע ציין —
דו וואַרטסט אויף גאָט, ער איז נישטאָ.

דאָס איז די גרויסע לייקענונג,
וואָס גייט פאַר זיין אַנטפּלעקונג אויף.
די מאַסקע וועלכע שוועבט פאַר אים
נאָך פונעם אָנהויב צום אין סוף.

איך שטיי ביים ברעג פון מיטן-נאַכט,
אויף גראָען שטעקן אָנגעשפּאַרט.
דאָס האַרץ מיט פּחד אָנגעגורט.
פאַרמאַכט די אויגן און איך וואַרט.

# אָוונט אין שפּיגל

אָוונט אין שוואַרצן העמד
שטייט פֿאַרן שפּיגל און זעט,
ווי ס׳פֿלאַטערן שוואַלבן דורך,
און ווי די זון פֿאַרגייט,

אַ שוואַלב נאָר בלייבט פֿאַרפּלאָנטערט
אין גראָען אָוונט-געשפּין.
וויינען די פֿליגל אַנגסטיק,
און ווילן ווייטער פֿלין.

אָוונט אין שוואַרצן העמד,
די אויגן טונקל און גרויס.
קוקט רואיק, ווי ס׳ציטערט
דער פֿליגל-פֿלאַטער אויס.

אַ פֿינטל גראָקייט — טויט
הענגט אין דעם אָוונט-געשפּין.
קושן די פֿליגל די ערד,
און ווילן ניט ווייטער פֿלין.

דער שפּיגל מיט גרינע אויגן
קוקט דעם אָוונט אָן:

„ס'האָט אַ שטילער וווּנדער
אין מיר זיך אָפּגעטאָן.”

אַ רויטער טראָפּן בלוט
גייט לאַנגזאַם אין שפּיגל אויף,
און שוועבט — אַ רויטע לבנה
פּאַמעלעך צום אין סוף.

אָוונט אין שוואַרצן העמד
פּאַלט אַנידער אויף די קני,
און דורכן שפּיגל רינט
אַ ווייסע מעלאָדי.

# ווייסע לאַנדשאַפט

ווייסע לאַנדשאַפט אויף מיין פענסטער.
מיינע פינגער פלאָנטען זיך אין ליכט,
אויף מיינע ווייס ציטערן רעפלעקסן —
בלענדעניש, טרויער, נאַכטגעשפענסטער,
נאָר מיינע פינגער פלאָנטען ז ך אין ליכט

אָנגעטאַפּט דעם וועג, — אַ ווייס-פאַרשנייטער.
כ׳ווייס אַז איך בין דער וועג אַליין.
דער טייך, וואָס שלענגלט זיך — דער גלגול
פון אַ קינד,
און די לבנה אויפן האַלז פון וואַלד —
דער שפּיגל פון זיין בענקשאַפט און געוויין.

אין דער טיף פון ווייסן קילן שפּיגל,
ליגט געפאַנגען די וויזיע פון קריסט,
אַ געלייטערטע מיט קראַנקע אויגן.
געטראָגן פון געדאַנק, זיך קיינמאָל צו באַפרייען,
האָט זי פאַריגלט אויף אייביק שוין דעם ריגל.

נאַכט דו, אייביקע מאַריאַ מאַגדאַלענאַ,
צעוואָס נאָך קניען אויפן קלאָר פון ווייס?
צעוואָס נאָך טרויער אויפן קלאָר פון ווייס?

דעק אָפּ דיין שלייער, איינזאַמע און שטילע, —
צעוואָס נאָך תּפילה טאָן ווען אַלץ איז תּפילה?

— — — — — — — — — — —

איבער דער ווייסער לאַנדשאַפט,
צינען זיך אָן דריי גאָלדענע שטערן,
דריי גין-גאָלדענע שטערן.
דריי בעטלערס, וואָס האָבן די שטערן דערזען,
לאָזן פּאַמעלעך אויפן וועג זיך גיין
קיין בית לחם, דער ווייזע פון קריסט.

# Surdino

שפיגלען שטערן זיך אין שוואַרצן טייך,
יעדער שטערן איז אַ טרער אַ ליד.
ווייסער שוואַן מיט די האַרבסטיקע אויגן,
נעם מיך צום טייך מיט שטערן מיט
שטערן זענען ווייס, ווי שניי.

כ'האָב היינט געשפילט מיט רויטע טראָפּנס זון.
עפּיס האָט אין מיר אָן זאָרג געלאַכט.
אויף מיינע וויעס האָט געפונקלט גאָלד,
אויף מיינע אקסל האַט געשלייערט זיך די נאַכט,
און הינטער מיינע אויגן האָט געוואָלקנט זיך
דער טייך.

ווייסער שוואַן מיט די האַרבסטיקע אויגן,
דיינע פליגל זענען דעמערונג און גראָ
זיי וואַרפן דינע שאָטנס אויפן וועג.
אין מיינע אויגן ווייגט דער אָוונט בלאָ,
און מיינע פינגער זוכן גאָט אין שטויב.

איך ווייס — און אפשר ווייס איך ניט? —
אפשר האָט זיך מיר אַצינד געדאַכט,
אַז אויפן וועג פון דעמערונג און לייד,

האָט מיך געקושט דאָס מלכות פון דער נאַכט
און איך אַליין בין דער שוואַרצער טייך.

און דו טובלסט, האַרבסטיקער שוואַן,
אין מיר דיינע פליגל און זיי ווערן קלאָר
ווי קינדער-אויגן, ווען די זון פאַרגייט
און ווי די בענקשאַפט, ווען זי ווערט וואָר.

ווייסער שוואַן,
שוואַרצער טייך,
גאָלדענע נשמה.

# סערענאַדע

דינער רעגן אויף די שויבן,
רויטער בליץ און גרינער שיין.
כ׳שפּיגל מיינע שוואַרצע אויגן
אין אַ בעכער רויטן וויין.

ווערן מיינע אויגן שכּור,
בליצן ברענען אין דעליר.
אויסגעזעצט אַן אויג, צעשויבערט
הענגט לבֿנה אויף מיין טיר.

פון מיין שמוציק-געלן ליילאַך
מאַך איך שנעל איר אַ באַנדאַזש.
ס׳איז די מלכּה אין עקזיל,
אָן אַ העמד און אָן אַ פּאַזש

ווי אַן אַלטע מויד פאַרביטערט.
שוועבט זי שטיל ארום אין פעלד.
פּינטלט מיט איין אויג עלעגיש,
און פּילט אַן מיט צער די וועלט.

פון דער נאַכט שווימט איר אַקעגן
דאָן זשואַן, צי דאָן קיכאָט

מיט אַ האָניק־זיסן שמייכל —
אייביק נאַר און אייביק גאָט.

„ווייסע געטין, ווייסע מלכה,
(שטרעקט ער טרויריק אויס די הענט)
ביזט צעשלאָגן און צעשויבערט,
אַז איך האָב דיך קוים דערקענט!"

וואַרגט לבנה זיך מיט טרערן
און זי ענטפערט אין דער שטיל:
„אַז די שיקסע טאַנצט אין קרעמל,
גייט די מלכה אין עקזיל."

„אין אַ ווייסער יוני־נאַכט
(רעדט זי ווייטער, ווי צעמישט)
האָט אַ באָלשעוויק פּאָעט,
אויף מיין הערליכקייט געפּישט.

מיר מיין זילבער קאָנפיסקירט,
און געלאָזט מיך אָן אַ העמד,
ווי אַ זונה דורכגעפּאַטשט
און פאַריאָגט מיך אין דער פרעמד.

— — — — — — — — — — —

טרויריק אויפן פאָן פון נאַכט.
דאָן זשואַן, צי דאָן קיכאָט,
די גיטאַרע אין דער האַנט —
אייביק נאַר און אייביק גאָט.

# די באַלאַדע פון דעם אַלטן היידוק

פליט דער היידוק אויפן טונקעלען פערד —
אַ ווייכער, אַ ווינט איבער נאַכטישער ערד.

די ביקס אויפן אַקסל. די באָרד אין ווינט,
און הינטער אים-דערפער, און שאָטנס, און הינט.

אין וואַרעמען נעסט וואָרקעט אַנגסטיק די טויב —
דער אַלטער היידוק רייט אויף מאָרד און אויף
רויב.

נאָר ווער האָט פאַרגאָסן די וועגן מיט ליכט,
אַז ס׳בלענדט אַזש דאָס אויג און אַנטבלויזט
דאָס געזיכט?

די לבנה טרינקט אָן די שאָטנס פון שליאַך
מיט איר ווייסן ליכט אויף איבער נאַכט.

די לבנה זייגט אָן די שוואַרצע שאָף
מיט איר זילבערנער מילעך ערב שלאָף

דער היידוק כאַפּט די ביקס. צילט, שיסט
צו דער לבנה אַרויף. אַ בלוט-שטראָם גיסט

פון איר זילבערנעם מויל. זי וואַקלט. פאַלט,
און בלייבט הענגען רויט אויף דער קרוין פון
וואַלד.

דער אַלטער היידוק אויפן טונקעלן פערד
פליט, ווי אַ וויכער אויף נאַכטישער ערד

די ביקס אויפן אַקסל. די באָרד און ווינט
און הינטער אים דערפער, און שאָטנס און הינט.

# די באַלאַדע פון דער זינד

שטילע בלייכע פרויען, געהילט אין שוואַרצן זיידנס,
שוועבן דורך דער טונקל — די קעפּ אַראָפּגעבויגן.
ס׳האָט די נאַכט אין גראָע קעלערס זיי געפונען,
און פאַר די צעפּ די לאַנגע אין גאַס ארויסגעצויגן

זיי שטייען ביי מיין פענסטער. אַנטבלויזט די דאַרע בריסטן,
אין זייערע אויגן ציטערט אַ שטילער טיפער וויי.
און עלענד-קינדער שפּינען ערגעץ אין דער פינסטער
אַ הייליקע שיין, וואָס ציטערט ארום די מידע קעפּ.

אַ בחור קומט פאַמעלעך, אויף אַ זייט דאָס היטל,
נעמט איינע אונטערן אָרעם, פאַרלירט זיך אין דער ווייט.
זי קומט צוריק צעפּיבערט, די בריסטן אירע גליען,
אין אירע קליידער-פאלדן נעסטעט זיך די זינד.

און ערגעץ זיצן שבעה אַלטע באַבעס,
און ס׳ברענען יאָרצייט-ליכטלעך אויף נאַסע קעלער ווענט!
ס׳פאַלט אַ טרער און גליט אויף דאַרע באָבע-בריסטן
און ס׳בלייכן אין דער טונקל פאַרבראָכענע אַלטע הענט.

נאָר ווערן זיי אַנטשלאָפֿן, נעמען גראָע שאָטנס
די יאָרצייט-ליכט און טראָגן פּאַמעלעך זיי אין פעלד.
אויפֿן צלם העגגט געקרייציקט דער דערלייזער,
און טראָגט אין זיין נשמה דאָס ליידן פון דער וועלט.

און ביי דער זייט פֿון צלם שטייט אַ כּרוי אַ בלייכע,
און אירע האָר די שוואַרצע פליען ווילד אין ווינט.
ס'איז מרים פֿון מגדלה — זי שטרעקט די הענט
פּאַמעלעך,
און מורמלט עפּיס טרויריק, און בענטשט די ליכט
פֿון זינד.

## די באַלאַדע פון די פאָרערס

דער קוטשער זיצט פאַרשוויגן און שטום,
מיר פאָרן און פאָרן און פאָרן.
סילועטן און דערפער שוועבן פאַרביי.
גאָלדענע יונגע יאָרן,
ס׳טוט באַנג... ס׳טוט באַנג.

קלאַפּט די בייטש אויף אַ נאַקעט לייב,
און רויטע טראָפּנס שפּריצן.
די נאַכט איז שטום, פאַרשוויגן און שטום,
נאָר אירע ציינער קריצן.
און איבער אונזערע געבויגענע קעפּ,
ציגען זיך רויטע בליצן.

דער קוטשער איז שטום, פאַרשוויגן און שטום —
מיר פאָרן ווייטער און ווייטער.
און נענטער, און נענטער דערנענטערט זיך
אַ שוואַרצער פאַרשלייערטער רייטער,
אויף אַ ווייסן געשפּענסטישן פערד.

דער שוואַרצער רייטער אויפן ווייסן פערד
שמייכלט אונז טונקל אַקעגן.
אָן זיין שמייכל האָבן מיר אים דערקענט —

ס'איז ער דער האַר פון די וועגן.
און אַלע האָבן מיר פאַר אים געקניט.

האָבן אויפגעפלאַקערט אין זיין קרוין
זיבן פאַרביקע שטערן.
אין אונזערע אויגן האָט אויפגעבליצט
אַ ים מיט זידיקע טרערן.
זיבן וואָגלער זענען מיר געווען,
פאַר יעדן וואָגלער אַ שטערן.

האָט איינער פון די וואָגלערס געזאָגט:
איך וועל מיין שטערן ברענגען
אַהיים צו מיין שטילער איינזאַמקייט,
און אויף מיין פענסטער הענגען —
אַזוי האָט דער ערשטער וואָגלער געזאָגט.

האָט דער צווייטער וואָגלער געזאָגט:
איך וועל מיין שטערן טראָגן,
טאָג אויס טאָג איין אויפן נאַקעטן האַרץ,
און די שוואַרצע גייסטער פאַריאָגן.—
אזוי האָט דער צווייטער וואָגלער געזאָגט.

און ס'האָט דער דריטער וואָגלער געזאָגט:
„ווי שען דער שטערן טוט בליצן.
דעם שענסטן שטערן פון מיין צער,
וועל איך אויף מיין מצבה קריצן —
אזוי האָט דער דריטער וואָגלער געזאָגט.

דערנאָך האָבן מיר אַנדערע פיר געזאָגט:
די שטערן וועלן באַצירן
אונזערע וועגן, און זייער שיין

װעט אונז צום אָנהױב פירן —
אזױ האָבן מיר אַנדערע פיר געזאָגט.

און ס׳איז דער רײטער געריטן אױף פריר׳,
און זיבן שאָטנס געצױגן.
זיבן װאָגלערס זענען מיר געװען
מיט אױסגעלאָשענע אױגן׳
און הױך האָט זיך די נאַכט צעװײנט
מיט אַ פאַרביקן רעגן־בױגן.

# באַסאַראַבישע אידיליע

ליגט לבנה אויפן דעכל,
גלעט דאָס ווייסע מילעכבערדל
קוקט קאַסאָקע מיט איין אייגל —
חצי ציג, און חצי פערדל.

זשמורעט, פינטלט מיט איין אויג,
רעדט צו זיך אַזוי צו זאָגן:
„עס איך שטרוי, און טרינק איך טוי,
ביז דער טאָג הייבט אָן צו טאָגן״

ס׳נודעט... זי נעמט אַ ווייסן שטראַל
און זי צייכנט אויף די שויבן —
רינגען, פּאַסעקעס, און גאָלד,
שוואַרצע קעץ און ווייסע טויבן.

מייזן-עקלעך, מאַסקאַראַד,
פינגער בלאָע, פינגער ווייסע,
ביז ס׳ווערט די נאַכט אַ ליד,
און דאָס לידל ווערט אַ מעשה.

מיט אַ געל דערשראָקן פּנים
כאַפּט זיך אויף דער שטעטל-זייגער:

„יידן, טרייבט אַראָפּ פון דעכל
יענעם ווייסן, קילן פּגר.“

טויערן סקריפּן. טירן קלאַפּן.
שורכען שקראַבעס. אַלטע באַבעס,
קרבן מנחהס אין די הענט
קרייען הייזעריק „גוט שבת!“

די לבנה אויפן דעכל
שטייט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן,
מעקעט דריימאָל צו די שטערן,
און פאַרשווינדט — אַ פייל פון בויגן.

# אין אַרעסט

אויף מיין שוואַרצן העמד
שפּילט אַ בלייכער מאָרגן-שיין,
ציטערט דין, ווי אַ לבנה-שטראַל —
קוק איך זיך לאַנג אין זיין ציטער איין.

זע איך אַ הונגעריק-בלייך געזיכט
פון אַ צען-יאָריקן הפקר-קינד,
וואָס האָט געגנבעט אַן עפּל ביי דער נאַכט
און אַ העלפט אַוועק געשענקט דעם שוואַרצן
ווינט.

און אַ צעשויבערטן בעטלער-קאָפּ,
וואָס האָט דערשפּירט דעם תוכן פון דער ערד,
אַון ווי אַ צלם זיך אַנידערגעלעגט —
ווער קען פאַרווערן דעם בעטלער די ערד?

און אַ דערשראָקן מיידל-געזיכט,
די אויגן פאַרמאַכט, האַלב ווייב האַלב קינד —
וואָס האָט געקושט דאָס האַרץ פון דער נאַכט —
ווער קען פאַרווערן די נאַכט דער זינד?

און אַנדערע בילדער הייליק און גראָ׳
וואָס זענען מיר נאָנט און ווונדערליך פרעמד
שפּילן ביים בלייכן מאָרגן-שיין
איבער מיין שוואַרצן העמד.

# אין צוג

ס׳יאָגט דער צוג, ווי דאָס האַרץ פון אַ פאַרשטויסענעם,
און אויף די פעלדער בליט דער ווייסער שניי.
רויטע אויגן בליצן, גליען און פאַרלעשן זיך,
נאָר קלאָר און ליכטיק בליט דער ווייסער שניי,
די וועגן זענען קלאָר. נאָר טונקל איז דאָס האַרץ,
וואָס בלאָנדזשעט אין רייפער ווייסקייט אום.
איך זע אין הער און מורמל מיד און שטום
דיין בלאָען נאָמען אין דער נאַכט אַריין,
דיין בלאָען נאָמען אין דער ווייסער נאַכט אַריין.

ווען ס׳יאָגט דער צוג, פליט דער פונק צוריק,
ווי ס׳וואָלט דער פונק די בענקשאַפט גאָר געווען
וואָס פלאַטערט זוכנדיק דעם וועג צוריק,
און שטאַרבט אין די אָרעמס פון אַ קינד-געוויין.
און יעדע רגע ווערסטו נענטער מיר,
ווייל אויך מיין בענקשאַפט הענגט געקרייצט אין ווינט,
ווי שפינוועב-פעדים פלאַטערט ערגעץ אום,
אַלץ, וואָס מיין טרויער האָט אַמאָל געשפינט,
אַלץ, וואָס מיין בענקשאַפט האָט אַמאָל פאַרטראַכט
איצט קען איך נאָר דיך און די ווייסקייט פון דער נאַכט,
איצט קען איך נאָר דיך און די ווייסקייט פון דער
נאַכט.

ס'יאָגט דער צוג, ווי דאָס האַרץ פון אַ פאַרשטויסענעם,
נאָר אויף די פעלדער בליט דער ווייסער שניי.
ווען מיין נשמה וואָלט אזוי קלאָר און ליכטיק זיין.
ווי אָט דער קלאָרער, ווייכ-צעשפרייטער שניי!
נאָר ליכטיק איז די נאַכט, און טונקל איז דאָס האַרץ.
וואָס בלאָנדזעט אין רייפער ווייסקייט אום
איך זע און הער און מורמעל מיד און שטום,
דיין בלאָען נאָמען אין דער נאַכט אַריין,
דיין בלאָען נאָמען אין דער ווייסער נאַכט אַריין.

# פ ר י ל י נ ג

אָוונט-ווינט קילער.
מיינע אויגן ווערן ליכטיקער און שטילער —
די טרער פון טרויער איז שוין אויסגעווייַנט.
אַ ווייסער פליגל האָט מיין האַרץ באַרירט.
אַ גרינער שמעטערלינג,
האָט אויפגעפלאַמט איבער טונקלע ציפּרעסן.
כ׳ווייס,
קיינמאָל וועט דער פרילינג דעם גרינעם שמעטערלינג
ניט פאַרגעסן

טיף אין מיר,
צינען אָן שאָטנס גלויביקע פייערן.
אַ טונקלער שיין נעמט מיינע פענצטער פאַרשלייערן.
נאָר אויף מיין פענצטער פלאַטערט שטיל און גרינג
אַ גרינער שמעטערלינג.

אָוונט-ליד פון אַ שכורן דיכטער, ערגעץ-וואו פארלוירן
ווערסט איצטער ניי-אַנטפּלעקט, ווערסט איצטער ניי
געבוירן.

כ׳האָט דיך דערקענט —
קיין רגע שיינקייט גייט ניט אויף דער ערד פאַרלוירן.

פון טונקלע קעלערס קריכט די נאַכט אין צעריסענע
סאַנדאַלן,
באַלד וועט איר שוואַרצער שלייער איבער מיינע
אויגן פאַלן,
און פאַרמעקן די גאָלדענע רעפלעקסן פון די דעכער,
און פאַרווישן אַלע פייערן פון אַלע טירן, טויערן,
און לעכער,
און קרייציקן דעם גרינעם שמעטערלינג אויף מיינע
ווענט,
און אָנצינדען שוואַרצע טרויער־צווייגן אין מיינע הענט.
אַ רגע פון בלענדעניש, פון טרויער, און פאַרגיין.
גלויב שטאַרקער, האַרץ, —
באַלד וועט דער פרילינג אויפגיין צענמאָל שענער,
ווי געווען!

# אין פענסטער

פון נאַכט-מויל שטראָמען טונקלע וועגן אויס,
נאָר אין מיין פענסטער שפּילט אַ זונען-אונטערגאנג,
וואָס גיסט די פאַרבן אין מיין יונגן בלוט.
און אַז דאָס בלוט שטראַלט פאַרביק אויף און לאַכט,
דערקענט דאָס אויג דעם תוכן פון דער נאַכט,
און דעם זין פון שאָטנס אויף דער ערד.

פון נאַכט-מויל שטראָמען טונקלע וועגן אויס,
און יעדער טראָפּן פורעמט זיך — אַ שלאַנג.
נאָר אין מיין פענסטער פינקלט ווי־אָלעט
אַ שטיל פאַרטראַכטער זונען-אונטערגאַנג.
און אין די פאַרבן שוועבט מיין נאַכט-געדאַנק,
וואָס זוכט די פאַלדן פון דער אייביקייט,
ווי אויסצוווייִנען דאָרט מיין שטויביקייט,
און ליכט צו טרינקען פאַר מיין קראַנקער פרייד.

און טיפער ווערט די נאַכט. און מיט אַמאָל,
צערינט מיין ווי־אָלעטער זונען-אונטערגאַנג,
און אויפן פענסטער בלייבט אַ שוואַרצער פלעק,
וואָס פלאַטערט, ווי אַ פויגל-פליגל, וואָס איז קראַנק.
צינד איך דעם שוואַרצן פלעק מיט פייער אָן,
ברענט ער, ווי ס'ברענט אַ רגע פיבער-ליכט,

און אין איין רגע ברען, האָט אויסגעברענט
אַ רגע גלויבן אין מיין בלייך געזיכט.

פון נאַכט-מויל שטראָמען טונקלע וועגן אויס,
וואָס ציען זיך אַוועק, ווי געשפּענסטער-הענט
שטום צום האָריזאָנט, וואָס ליגט, ווי בליי
אויף דער פּלייצע פון לעצטן נאַכט-גיגאַנט,
וואָס שטייט געבויגן ביי דעם לעצטן ראַנד
פון ערד אין חלום און שגעון...

## די באַלאַדע פון דער ווייסער קראַנקן־שוועסטער, דעם טונקלען שפּיטאָל און מיין לעצטן שמייכל.

די בלאָע פענצטער פון שפּיטאָל
ווערן טונקלער, טונקלער, נאַכט.
דער פּאַרק האָט דאָס רויטע לבנה-אויג
פאַרמאַכט. און אונטן טיפער אין טאָל,
זינגען יונגע מאַנאַכן „אַווע מאַריי".
קראַנקע פייגל אויף די צווייגן —
טרי לי לי.
שטילער, שטילער, שטילער —
טרי לי לי.
נאַכט. ווינט. שווייגן.

גייסטער-טריט.
שוואַרצע מאַנטלען פלאַטערן:
„נעם מיך מיט! נעם מיך מיט!"
שוואַרצע מאַנטלען פלאַטערן
איבער די ווייסע בעטן פון שפּיטאָל.
שוואַרצע מאַנטלען פלאַטערן
אַראָפּ טיפער, טיפער אין טאָל.
פאַרביי, פאַרביי,
נאָר איינער פון די לעצטע דריי
בלייבט אַ רגע שטיין:

— גיין!
דורכן אָפענעם פענצטער רינט
נאַכט, ווינט, געוויין.

— קראַנקן-שוועסטער!
... שטיל.
— קראַנקן-שוועסטער!
... שטיל
טירן עפנען זיך — קררר
פאַרמאַכן זיך — קלאָפּ.

די ווייסע שוועסטער, ווי אַ פאַרשפּעטיקטע
לבנה,
בויגט זיך אַריבער מיין קאָפּ,
און הערט, הערט,
הערט זיך צו לאַנג,
ווי איך באַצווינג די ערד
מיט מיין ווייסן געזאַנג.
שטערן ברענען אין בלוט,
אין טייכן רוישן קיל
איך שמייכל — זי שמייכלט
און ווייטער שטיל.

די ווייסע שוועסטער בלייבט שטיין
מיט געקרייצטע הענט.
אַ רגע — מצבֿה, שפּיטאָל-מאָנומענט,
און לאָזט זיך דאַן גיין
מיט פאַרלאָשענע טריט
צום אָפענעם פענצטער.
נאַכט. ווינט. געוויין.

## די באַלאַדע פון דעם בלענדעניש און די צוויי בריגאַנטן

„געלאָדן די ביקסן, וואַסיל?"
— געלאָדן, האַר!
„וואָס שמייכלסטו, נאַר?"
— הער, די נאַכט־גלעקער קלינגן —
גלין־גלאָן גלין־גלאָן.
די שוואַרצע טשערעדע גייט —
גלין־גלאָן, גלין־גלאָן.
און דאָס פּאַסטוכל ווינט שפּילט אויף
דער פליים.
שפּעט. —

„נעזאָטלט די פערד, וואַסיל?"
— געזאָטלט, האַר!
„וואָס שמייכלסטו, נאַר?",
— נאַכט, פינצטער, קררראַ
ווער וואָרנט אונז האַ?
דער ראָב? דער ווינט?
כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!
זאָל גאָט דיך באַהיטן, מיין אָרים קינד!

אַ פייף! צוויי פערד
פליען איבער דער שוואַרצער ערד.

צוויי רייטערס אין זאָטל,
מיט ווינט אין די בערד.
אַ וואַלד, אַ טייך.
אַ בריק.

האָפּ-האָפּ.

אַריבער!
סילועטן און ביימער פליען צוריק.
אַ זומפּ.

האָפּ-האָפּ.

אַריבער!
ניטאָ קיין צוריק!

„וואָס זעסטו, וואַסיל?"
— אַ פייערל גלין.
אַ פייערל רויט.
אַ פייערל גרין.
ס'כשופט און ציט —
גאָט ווייסט וואו-אַהין.

סטאָפּ! פינסטער. קראַ!
„וואָס זעסטו, וואַסיל?"
— ביים ראַנד פון דער נאַכט,
די געשפּענסטישע מיל.
און די קראַנקע רוסאַלקע אין פענסטער
ווינקט, כשופט, און ציט:
„מיין בעסטער, מיין שענסטער!

סטאָפּ! פינסטער קראַ!
„מען וואָרנט. צו שפּעט.
זאָג ווידוי, וואַסיל,

זאָג גיך דיין געבעט —
פאַרגעסן דו נאַר?
דער מלך פון זומפּ איז איצט האַר,
דער מלך פון זומפּ מיט דער קויטיקער
באָרד.״
נאַכט-גלעקער קלינגען —
גלין-גלאָן, גלין-גלאָן.
די שוואַרצע טשערעדע גייט —
גלין-גלאָן, גלין-גלאַן.
און דאָס פּאַסטוכל טויט שפּילט אויף
דער פלייט.

שפּעט.

# כ׳עפּן מײַנע אויגן

כ׳עפּן מײַנע אויגן קעגן נאַכט.
אויפן האָריזאָנט שווײַגט דער וואַלד
פֿאַרכלינעט מיט זילבער.
אויף מײַנע ליפּן בליט אַ מעשהלע
פֿון דרײַ קיניגס-טעכטער, וואָס בלאָנדזען איבער טונקל׳ע וואַסערן
מיט באָרוועסע פֿיס, די האָר צעוואָרפֿן אין ווינט.

וואָס זוכן די דרײַ קיניגסטעכטער?

אײנע וואַשט זיך די אויגן די טריבע,
די צווייטע זוכט דעם גוף פֿון איר ליבע,
און די דריטע איר פֿאַרלוירן געלעכטער.

לאַכסטו מיט שטיקער נאַכט אין דײַן געלעכטער,
אויף דײַנע ליפּן ברענט דאָס רײַפֿע גאָלד פֿון האַרבסט.
און מיט דײַנע דינע, ווײַסע פֿינגער ווישסטו
אַראָפּ דאָס מעשהלע פֿון מײַנע אויגן —
קינד, גענוג!
ווײַסע גענז מיט רויטן טרויער אויף די פֿליגל
בייגן זייער מידקייט איבער שוואַרצע טײַכן
און דער האַרבסט, דער נביא מיט דער
דערנער-קרוין
קרײַציקט זיך אַליין אויף אויסגעווײנטע
שליאַכן.

מאַך איך מײַנע אויגן צו אויף מײַנע שויבן
הענגט אַ בלאָער, קראַנקער סאָלאָווײ.
אין זײַנע פליגל ווײַנען אַלע ווינטן פון דער וועלט.
איז דאָס דער סוף!
לאַכסטו מיט שטיקער נאַכט אין דײַן געלעכטער,
און אויף דײַן קאָפּ, די ווײַסע קרוין פון מידקײט
בליצט שאַרפער אויף, און מיט דײַנע פינגער ווישסטו
אַראָפּ דעם, טרויער און דאָס אַש פון מײַנע לאָקן —
קינד, גענוג.

ווײַסע גענז מיט רויטן טרויער אויף די פליגל
בייגן זײער מידקײט איבער שוואַרצע טײַכן
און דער האַרבסט, דער נביא מיט דער
דערנער-קרוין.
קרײַציקט זיך אַליין אויף אײַנגעוויגטע טײַכן.

# צווישן קאָסעוו און קיטעוו

צווישן קאָסעוו און קיטעוו
שטייט אַ גילדענער ברונעז.
אין טיפֿן קלאָרן וואַסער
האָב איך אַ זון געפֿונען.

דער נאַכט אין גראָע בערג,
טראָג איך די זון אַקעגן.
אין קלאָרן, גאָלדענעם שיין,
בליען אַלע וועגן.

איך בי̄ן אַ פּראָסטן שניידערס
ווילד־פֿאַרלוירן קינד,
געשטעלט מיינע יונגע יאָרן
אויף וואַנדערן און ווינט.

איצט האָב איך עס געפֿונען,
איצט איז עס אויף אייביק מיין.
דאָס ליכט פֿון די טונקלע וועגן,
דער דינער, גאָלדענער שיין.

לאָז איך פֿאַמעלעך און פֿריילעך
אַראָפּ אין טאָל זיך גיין.

צו וועלן די גראָע וועגן
דאָס גאָלדענע ליכט פאַרשטיין?

דאָס ליכטיקע וואָרט אויף די ליפּן,
דעם גאָלדענעם שיין אין דער האַנט.
איך בין דער לעצטער אַפּאָסטל
פון ניי־אַנטפּלעקטן לאַנד.

צווישן קאָסעוו און קיטעוו
שטייט אַ גאָלדענער ברונען.
אין טיפן, קלאָרן וואַסער
האָב איך אַ זון געפונען.

# פון יעדן שטיין

פון יעדן שטיין, פון יעדן פעלד
שיינט צו מיר אַרויס דיין ליכט.
איך בויג מיט ציטער מיינע קני —
דו גרויס און וווּנדערליך געזיכט.

פון יעדן הייזל אויפן וועג,
פון יעדן פּראָסטן, גראָען קלייד,
זינגט די גאַנצע, ווייטע ערד
דאָס ליד פון פרייד און פון געבעט.

אין יעדן טונקלען פענצטערל,
האָסטו אַ שטערן אויפגעדעקט.
אין יעדער טונקל-גראָער שויב,
האָסטו דעם שיין פון גאָלד אַנטפּלעקט.

אַ שטומער וואַסער-טרעגער טראָגט
אַן עמער וואַסער מיד און שווער.
אין וואַסער ציטערט די לבנה —
אַ גרוס פון גאָט, אַ ווייסע טרער.

פון צלם גייט דער געץ אַראָפּ:
„באַפרײַ מיך, גרויסער מענטש פון וועג.
די טויזנט וווּנדן אויף מײַן גוף,
די דערנער־קרוין איז מײַן פאַרמעג.“

לײַקען אין דײַן צלם אָפּ,
טו אויס דעם אָרעאָל פון לייד.
דערקען דעם שטויב, דערקען דעם מענטש —
די בריק צו גאָט, די בריק צו פרייד.

אַזוי האָט ער צום געץ געזאָגט,
און פעסט פאַרגאַרטלט זיך דעם שטריק,
און איז מיט שווערע שטיוול־טריט,
געגאַנגען אין די בערג צוריק.

# ס׳האָט די נאַכט

ס׳האָט די נאַכט איר טיפסטע שעה
איבער די בלאָע בערג פאַרשפּרייט.
אַ פייער ברענט. די נאַכט איז טיף,
נאָר צענמאָל טיפער דאָס געבעט.

דאָס פייער אויפן שפּיץ פון באַרג
ברענט רויט און גרין און וויאָלעט.
פון טיפן טאָל גייט אויף אַ שיין,
אַ שיין אַ זילבערנער און רעדט:

— איך בין דער גאָט פון טיפן טאָל.
ווער ס׳האָט דעם בליק צום באַרג געווענדט,
דער האָט דעם גראָען שטויב — מיין קלייד,
געלייקנט, אָדער ניט דערקענט.

מיין נביא הויערט אין די בערג
און צינדט אַ פייער בלאָ און רויט.
אין טיפן טאָל האָב איך געבעט
פאַר אים זיין לעבן און זיין טויט.

דער נביא קרייצט אין מיר זיין וועג,
און ווערט געלייטערט אין מיין שיין׳

אין נביא קרייצט דאָס פֿאָלק זיין וויי,
און ווערט געלייטערט אין זיין פּיין.

דאָס פייער אויפן שפּיץ פון באַרג,
ברענט שאַרפער אויף און לעשט זיך אויס.
און רויט, ווי די לבנה גייט
דער נביא פון די בערג אַרויס.

# דאָס וואַסער טונקלט

דאָס וואַסער טונקלט שוין, ס׳איז נאַכט.
דאָס צענטע וווּנדער איז אַנטפּלעקט.
שלאָפן וועל איך דאָ ביים ברעג
מיט נאַכט און רעגן צוגעדעקט.

מיין אויג האָט אויסגעטרונקן היינט
די רויטע זון פון וואַלד און פעלד.
וועט דורך מיין חלום גיין די זון,
די ליבשאַפט און די גאַנצע וועלט.

ליכט פון חלום און פון וואָר,
אָ טו זיך קיינמאָל פון מיר אָפּ.
מיין תּפילה פאַלט צו דיר אין שויס,
ווי ס׳פאַלט מיין קלייד פון גוף אַראָפּ.

דאָס וואַסער טונקלט שוין, ס׳איז נאַכט.
פון מיינע לענדן פאַלט דער שטריק.
מיין ליפּ באַרירט דעם גראָען שליאַך,
וואָס פירט אין טאָל אַריין צוריק.

אָ, גאָט, מיין יעדע תּנועה איז
אַ ליד, אַ לויבגעזאַנג צו דיר.

טאָ לאָז די ווייסקייט פון דער נאַכט
אַ שטילע אויפגיין איבער מיר.

און אין דער ווייסקייט הייליק מיך,
דאָס טונקלע וואַסער און דאָס פעלד,
די גראָע הייזלעך פונעם טאָל,
דעם חלום פון דער גאַנצער וועלט.

# אַ בינטל האָלץ

אַ בינטל האָלץ אויף מיינע פּלייצעס.
דער שניי איז ווייס. די זון פאַרגייט.
זי משא מיינע גרינג און שווער —
איך טראָג דעם אָוונט און די פרייד.

אַ מחנה קינדער שפּילן זיך
מיט רויטע טראָפּנס זון אין שניי.
איך גיי פאַרביי און לאָז מיין האַרץ
זיך שפּילן מיט דער זון אין שניי.

און אויף דער לעצטער שוועל פון דאָרף
וואַרף איך דאָס בינטל האָלץ אַוועק.
די נאַכט, וואָס ציטערט הינטער מיר,
זי האָט קיין אָנהויב און קיין ברעג.

ס׳האָט די נאַכט איר אייגן ליכט.
איך טרינק דאָס ליכט מיט שטילער פרייד
און ווי אַ שטערן העפט איך צו
מיין תּפילה צו איר שוואַרצן קלייד.

די נאַכט איז טיף און גרויס און שיין
אין אירע שוואַרצע אויגן—זע:
אַ מחנה קינדער אויפן וועג
זיך שפּילן מיט דער זון אין שניי.

# די באַלאַדע פון גאַסן־מיידל

דורך דער טונקלער אָסיען-נאַכט
בלאָנדזעט אום אַ מיידל שטום.
צו אַ שאָטן פון דער ערד
ווינקט זי: „קום!"

און ווי ווילד זי ציטערט אויף,
האָט דער שאָטן זי דערהערט?
לאַנגזאַם, לאַנגזאַם הייבט ער זיך
פון דער ערד.

און ער שטרעקט די שאָטן-הענט
— מיידל, קום!"
און ער נעמט מיט הענט — צוויי שלענג
זי אַרום.

און די נאַכט פאַרשלינגט איר וויי,
און איר קלאָג.
ווייט אין מזרח ציטערט אויף
שטיל דער טאָג.

# די באַלאַדע פֿונם רויטן פֿינגערל

זיצט דאָס מיידל אויפֿן גאַניק,
און ס'פּלאַמט איר בעקל.
העפּט פֿון גאָלד און זילבער-פֿעדים
אויס אַ תּפֿילין-זעקל.
פֿאַרן חתן, וואָס דאַרף קומען
פֿון גרויס-מדינה פּוילן,
ווי ס'ווילן טאַטע מאַמע,
און ווי גאָט באַפֿוילן.

שטאָך און שטאָך און שטאָך און שטאָך
און זי טוט אַלץ טראַכטן.
פֿליט אַ טאָג און פֿליט אַ וואָך
נאָר אין די פֿאַרנאַכטן,
פֿאַלט איר האַנט אַנידער מיד,
און ס'דעמערט, ווי אַ ליד
אויף אין איר דער טרויער.

קומט אַמאָל אַ שוואַלב צעפֿלין
טיף פֿון פֿעלד און קאָרן.
זי האָט אַ פֿליגל זיך צעבלוטיקט
אָן אַ שאַרפֿן דאָרן.
שטעלט די שוואַלב זיך אויף איר פֿינגער.

ס'האָט די שוואַלב פאַר איר געבראַכט
אַ פינגערל אַ רויטס פון בלוט,
און דאַן אַוועק אַקעגן נאַכט.

רופט די מאַמע: „קום שוין שלאָפן!"
און דער טאַטע כראָפּעט האַרט.
נאָר דאָס מיידל אויפן גאַניק
זיצט און וואַרט און וואַרט און וואַרט.
ביז פון מיטן-נאַכט צעפאָרן
קומט אַ פרעמדער, שוואַרצער מאַן.
און ער טראָגט אין האַנט דער טונקלער
שווער אַ שוואַרצן טשעמאַדאַן.

— מיידל, כלה, קום אַרונטער!
מורמלט שטיל דער שוואַרצער גאַסט.
טראָגסט מיין פינגערל אויפן פינגער,
און דו ביזט צו מיר פאַרקנסט.
כ'האָב פאַר דיר פון שוואַרצן מאַרמער
אין פעלד אַ שטיבל אויסגעבויט.
ווערט דאָס מיידל בלייך און בלייכער,
און דאָס רינגל פיבערט רויט.

— גיין דו פרעמדער, שוואַרצער חתן!
ניין, איך וועל מיט דיר ניט גיין.
ס'וועט מיין מאַמעשי די אַלטע
הענגען זיך אויף איר געוויין.
שמייכל'ט שטיל דער גאַסט דער פרעמדער:
— גיב דאָס פינגערל צוריק!
בלישצעט רויטער אויף דאָס רינגל —
אָט אַ רינגל אַן אַנטיק!

שמייכלט שטיל דער גאַסט דער פרעמדער:
— גיב דאָס רינגל, גיב עס אָפּ!״
כליפּעט שטיל דאָס בלייכע מיידל:
— ס׳וויל פון פינגער ניט אַראָפּ.
זייט געזוגט מיר, טאַטע, מאַמע,
ס׳האָט אַ שוואַלב מיך היינט פאַרקנסט.
און מיין חתן איז געקומען —
יענער פרעמדער, שוואַרצער גאַסט.״

גיט זי איִם דאָס תפילין־זעקל,
ליגט עס שוין אין טשעמאַדאַן,
שטייט אַ וואָגן שוין אַ גרייטער,
און מען פאָרט אַוועק צום באַן.
מאָרגן וועט די מאַמע וויינען —
מאַלע, וואָס אַ מאַמע וויינט.
ס׳האָט דער פרעמדער גאַסט דער שוואַרצער
אסור ניט קיין שלעכטס געמיינט.

# ש ט י ל ק ײ ט

שטיי אויף, דו, בלייכער זינגער פון דער נאַכט,
און הער דעם שטילן אָטעם פונעם פעלד,
און זע די גאָלדענע שטערן אין די פענסטער,
און ווייס: דער אומרו דער מינדסטער און דער
קלענסטער
רייסט אויף אַ נערוו אין ריטם פון דער וועלט.

דאָס קינד אין שלאָף באַוועגט די ליפּן קוים,
די מאַמע וויגט דאָס וויגל שטיל און שטילער.
בוימער-סילועטן שוועבן גרינג אין ווינט,
און אויפן מיסט אָטעמט קוים דער הונט,
און אין די נעסטן שווייגט דער פויגל-טרילער.

די נאַכט אליין אין דינע זיידענע זאָקן,
דאָס בלאָע קריגל חלום אין דער האַנט,
גייט אויף שפּיצפינגער און הערט, און הערט זיך איין.
שרייט אויף אַ חולה פיבערנדיק פון פיין,
שפּרייט זי איבער אים איר דעמערלאַנד.

דער וועכטער שטייט, ווי גענאָגלט צום לאַמטערן,
זיין ווייסע באָרד שמייכלט שטיל אויף לינקס.
טיף אין זיין פייפל פאַלט אַ שטערן נאָך אַ שטערן.

ווער קען דעם זיפץ פון זייער גסיסה הערן?
נאַכטישע שטילקייט, ווונדערליכער ספינקס...

דער בעטלער אויפן שוועל פון נגיד'ס הויז,
איז, ווי אַ סטאַטוע שטיין געבליבן,
דעם קופּערנעם גראָשן אין דער האַנט.
ער באַוועגט דעם קאָפּ, אָן עפּיס זיך דערמאַנט,
און בלייבט ווייטער שטיין, וואו ער איז שטיין
געבליבן.

שטיי אויף, דו, בלייכער זינגער פון דער נאַכט,
און הער דעם שטילן אָטעם פונעם פעלד,
און זע די גאָלדענע שטערן אין די פענסטער,
און ווייס: דער צער דער מינדסטער און דער
קלענסטער
רייסט אויף א נערוו אין ריטם פון דער וועלט.

# דו

דו —
צעוואָרף דיינע טרערן אין ווינט,
און לאַך אין מיין טרויער,
ווי דו בלייכע לבנה
דעם טונקלען האַרבסט אין פּנים.

קוק זיך אין האַרבסט-נעפּל איין.
פלאַטערט אין נעפּל געהילט
מיין מאַמע און טוליעט מיין צער
צו די איינגעטרוקנטע בריסטן.

ס'אַראַ גוטע — מיין מאַמע!

דאָך —
איך האָב מיין מאַמע ניט ליב.
נאָר דיך און די שאָטנס פון שליאַך,
נאָר דיך און דעם טרויער פון וואַלד,
וואָס טרייסלט די בלעטער אין ווינט,
ווי גאָלדענע קרוינען אין ווינט.

דו ווייסט, אַז איך בין נאָך אַ קינד,
דאָך פיינט האָב איך קינדער אַזוי,

ווי דער פינסטערער קיניג פון שליאַך,
דעם לאַך פון אַ פריילעכן קינד,
ווי דער פינסטערער שאָטן פון וואַלד,
דעם צוויט און דעם פרילינג-ווינט.

די —
צעוואַרף דיינע טרערן אין ווינט,
און לאַך אין מיין טרויער,
ווי די בלייכע לבנה
דעם טונקלען האַרבסט אין פנים

# לעש אויס...

לעש אויס דעם טרויער פון דיינע אויגן,
און לאָמיר לאַכן.
און פונקלט לבנה בלוטיק און רויט,
און טראָגט אין איר שמייכל דעם ציטער פון טויט, —

לאַכן מיר אונזער אייגענעם פיין,
ארויף אין איר פינצטערן שמייכל אַריין —
און די לבנה וועט לאַכן!

# אין מײַנע אָרעמס

אין מײַנע אָרעמס שטאַרבט די נאַכט —
ווי שווער איר אָטעם גײט.
ציַנד אָן אַ ליכט.
מאַרמאָר-ווײַס איז איר געזיכט,
אויף אירע ווײַעס ציטערט, דאַכט,
דײַן זינדיק נאַכט-געבעט.

טאָ לעג זי שטיל
אַנידער אויף מײַן גראָער שוועל.
ווער ס'האָט די טרערן מיטן ווינט
אַוועק געווײנט, זאָל קומען איצט,
און קניען שטיל, און תפילה טאָן
פֿאַר אָט דער אײביק-טויטער נאַכט,
און פֿאַר איר שוואַרצער זעל.

בלאָ-גלעקער-קלאַנג
שוועבט ציטערנדיק און פֿלאַטערט מיד,
פֿאַרלעש דאָס ליכט.
און אַלץ אויף וואָס ס'טוט דיר באַנג —
זינג אויס ביים בלאָען דעמער-ליכט,
און אין דײַן האַרצן שפּיגל אָפּ

דאָס מאַרמאָר-ווייסע נאַכט-געזיכט —
דעם מאַרמאָר-ווייסן צער.

און איך אַליין
גיי מיטן ציטער פונעם ווינט,
און צייל די טריט, וואָס בלייבן נאָך
פאַר אונזער לייד,
און הער זיך צו צום וואַסער-קוואַל,
און הער זיך צו צום בלעטער-פאַל:
צי בליט אין זייער גסיסה ניט
אויך אונזער פרייד?

# לבנה

אויפגעהאַנגען אויף די צווייגן
די לבנה ווייס, ווי קרייד.
טראָגט אין ווייסן מידן שמייכל
שטילע בענקשאַפט צו דער ווייט.

קראַנקער פויגל צווישן בלעטער
ברייט די פליגל אויסגעשפּרייט.
הערט דאָס רופן פון דער ווייטקייט
פול מיט ציטער און מיט פרייד.

שטיל אַ רגע. מידע פליגל
טוען ווילד אַ פּאָך, אַ הויב!
און דערשראָקן די לבנה
פלאַטערט אויף — אַ ווייסע טויב.

כאַפּ איך זי פאַר אירע פליגל,
לויף — אַ ווינט צום טייך אַוועק,
און דערטרענק זי אין דער טיפקייט,
און באַפריי איר ווייסן שרעק.

# ליכט

דער פויגל טרייסלט אָפּ דאָס גאָלדענע ליכט
פון זיינע שוואַרצע פאַנטאַסטישע פליגל,
און זינגט די גרויסע ניטפאַרשטענדליכקייט
אַריין אין האַרץ פון דער אומענדליכקייט.
נאָר אויף מיין טויער, וויינט אַ שוואַרצער ריגל.

אָ, גיב מיר פליגל, געניוס! גיב מיר פליגל!
דאָס גאָלדענע וואונדער דורכצופליען,
און ביי די שוועלן פון דער אייביקייט,
און ביי די ברעגעס פון איר בלאָער פרייד,
לאָז מיך מיין מידיקייט אויסרוען.

וואָס איז דער צער, און די טרויעריקייט.—
מער ווי אַ שפּיל פון שוואַרצע גייסטער?
אַ בלענדעניש פון טרויעריק-שיינע שטערן,
וואָס לאָזן ניט דעם קאָסמישן ריטם הערן,
און ניט דערקענען זיין גרויסן מייסטער.

ליכט, דו, גרויסער מאַמע פון דער וועלט,
כ'האָב דיך פאַרלייקנט און פאַרשטויסן.
אין דער פינצטער האָב איך געטער אויסגעשניצט,
וואָס האָבן מיט אַ פאַלשן שיין געבליצט
און דיין געזאַנג האָב איך געלאָזט אין דרויסן.

פֿאַר אַלע מאַריאָנעטן האָב איך זיך געביקט,
וואָס האָבן אויפֿגעבליט אויף טונקלע מיסטן.
איצט קניט מײַן חרטה-ליד פֿאַר דיר —
עפֿן מיר, עפֿן מיר דײַן כּשוף-טיר,
און לאָז מיך טרינקען פֿון דײַנע פֿולע בריסטן.

אָ גיב מיר פֿליגל, געניוס. גיב מיר פֿליגל!
דאָס גאָלדענע וווּנדער דורכצופֿליען,
און בײַ די ברעגעס פֿון דער אייביקייט
און בײַ די שוועלן פֿון איר בלאָער פֿרייד,
לאָז מיך מײַן מידקייט אויסרוען,

# דער נביא

כ׳בין דער נביא, וואָס האָט פאַרלוירן
דאָס וואָרט פון גאָט אויפן וועג צו אייך.
איצט שטיי איך אַ פאַרשעמטער אויפן שליאַך,
און וויקל מיין גוף אין זיבן טרויערן.

זאָל איך אָנקלאַפּן און רחמים בעטן,
ווייל כ׳בין געקומען אָן אַ טראָפּן טרייסט?
צי זאָל איך וואָגלען, ווי אַ פויגל אָן אַ נעסט,
ביז די מיטן-נאַכט וועט מיך צעטרעטן.

ווינט, דו, אייביקער אומרו פון דער וועלט,
סימבאָל פון טעות און פון וואָגלען —
לאָז טרינקען פון דיינע שוואַרצע לאָגלען
אַ וואַנדערער, ווי דו אָן אַ געצעלט.

בליענדיקער שטערן פון דער נאַכט,
סימבאָל פון בלענדעניש און פאַלן —
לאָז דיינע לעצטע גאָלדענע שטראַלן
אַ לייכטונג זיין פאַר מיין שטילער נאַכט.

זינגענדיקע טייכן פון דער ערד,
און אייערע כוואַליעס בליען וויגן-לידער —

לאָזט מיך טרינקן און חלומען אַ מידער
דעם לעצטן חלום, וואָס איז מיר באַשערט.

דער לעצטער חלום — דעם נביא, וואָס
פאַרלוירן
דאָס וואָרט פון גאָט — אויפן וועג צו אייך.
און שטייט איצט אַ פאַרשעמטער אויפן שליאַך
און וויקלט זיין גוף אין זיבן טרויערן.

# די באַלאַדע פון יאַסער שניידערל, דעם אַלטן באָיאַר
# און דער שיינער מאַרושקאַ

זיצט דאָס שניידערל ביים טישל און נייט,
דער לאָמפּ ברענט טונקל. ווי אַ מזמור גייט
די זילבערנע נאָדל אַהין און אַהער,
אין שוואַרצן פענסטער ציטערט דער ווינט.
העי, נעדעלע, ממזר, געשווינדער, געשווינד,
מאָרגן אויף מאָרגן מוז פאַרטיק זיין
דאָס קלייד פון דער שיינער מאַרושקא.

זינגט די נאָדל: „ס'וועט זיין, ס'וועט זיין,
אַ פונק, אַ רעדל, אַ זילבערנער שיין
בליצט אויף אין אַ ווינקל.— צוויי פאַרבראָ-
כענע הענט,
די שיינע מאַרושקאַ, ער האָט זי דערקענט,
זי בעט זיך: „שניידערל גוטינקער, ביין,
איך וועל צו דער חופה קיינמאָל נישט גיין
מיטן אַלטן באָיאַר דעם תרח,

צערינען דאָס בילד. אַ בלאָ געוויין
שוועבט דורכן צימער און וויל נישט פאַרגיין.
שטייט דאָס שניידערל, קלערט און באַקלערט,

אַ בלענדעניש נאָך נישט געזען און געהערט,
געוועזן און אַוועק אין נאַכט אַריין,
און מאָרגן, מאָרגן מוז פאַרטיק זיין
דאָס קלייד פון דער שיינער מאַרושקאַ.

זיצט ווידער דאָס שניידערל ביים טישל און נייט.
דער לאָמפּ ברענט טונקל, ווי אַ מזמור גייט
די זילבערנע נאָדל אַהין און אַהער,
אין שוואַרצן פענסטער ציטערט דער ווינט:
הע, נעדעלע, ממזר, געשווינדער, געשווינד,
מאָרגן, אויף מאָרגן מוז פאַרטיק זיין
דאָס קלייד פון דער שיינער מאַרושקאַ.

אַן עפן די טיר, — פאַרן שניידערל שטייט
דער אַלטער באָיאַר, די וואָנצעס פאַרשנייט.
„שוין פאַרטיק, זשידעק, דאָס חתונה-קלייד?
די כלה ווו איז? פירט די כלה אַריין!”
אַ מורמל פון שטימען, רויט פאַקל-שיין,
די כלה ווו איז? — די כלה איז דאָ,
אַ בלייכע און שלאַנק, ווי די מיטן-נאַכט-שעה
שטייט זי צעוואָרפן די ניידענע צעפּ,
מאַסקעס ביים פענסטער, ביים טיר, און אויף טרעפּ —
דאָס שניידערל שטייט בלייך ווי די וואַנט,
און ס'ציטערט דאָס קלייד אין זיין מאָגערער האַנט!

און ס'דונערט אַרויס דער אַלטער באָיאַר:
„ווו זענען די קלעזמער? ווו ביסטו, מיין נאַר?
אַ פריילעכס ווער גייט?”
ס'ציטערט דער פידל

ס׳כליפּעט די פּלייט
און שווער ברומט דער באַס
און ס דרייט זיך דאָס שטיבל׳ דער מאַרק און
די גאַס
און דאָס שניידערל אויך אין דער האַנט נאָך
דאָס קלייד
דרייט זיך אין רעדל׳ וואָס דרייט זיך און דרייט.

און ס׳טופּעט מיט שטיוול דער אַלטער באָיאַר׳
„פֿריילעכער׳ קלעזמער! ווו ביסטו׳ מיין נאַר?
געשווינדער׳ געשווינד
אַריין אין דעם רעדל׳ דאָס ווייב מיטן קינד,
דאָס מיידל׳ דעם ברונען׳ דעם פֿויער׳ דאָס פֿעלד׳
די ערד און דעם ים׳ און דעם חלום די וועלט׳
געשווינדער׳ געשווינד!״

מיר זענען איצט בילדער געצייכנט אויף נאַכט
און צעשויבערט אויף ווינט
פֿון אַ יונגן פּאָעט
אין יאַס דער קרוינשטאָט פֿון מאָלדאָוואַ.

# אילוזיע, שוועסטער!

אילוזיע שוועסטער, פאַרלאָז מיך ניט.
צין שאַרפער אָן דיין בלאָען לאַמטערן
און זאָג: די שטערן, וואָס בליען, זענען שטערן,
און אַלצדינג אויף דער וועלט, איז שיין און גוט.

די הענט, וואָס ברעכן זיך אין דער פינצטער
פאַר קראַנקע טויערן און טויבע ווענט —
זאָג: ס'איז אַ בלענדעניש אַזאַ, וואָס בלענדט,
און פרייד איז פאַראַן אין דער טרער, דער מינדסטער.

די אויגן, וואָס ברענען טרויריקע און טריבע —
זאָג: ס'האָט אַ שד זיי אויסגעטראַכט,
און אויפגעהאָנגען אויפן האַלז פון דער נאַכט.
אין יעדן אויג, איז דאָ אַ פונק פון ליבע.

זאָג: אלע וועגן פון רעכטס און לינקס,
וועלן צו אַ ליכטיקן סוף דערגיין,
דער צער — איז קיין צער, דאָס געוויין — קיין געוויין,
און דער ספינקס, וואָס לויערט, איז ניט קיין ספינקס.

אילוזיע, מאַמע פון דאָן קיכאָט,
פיר מיך צו דיין פרייד און צער אַנטקעגן,

ווייל גלויביק און שטיל זענען אַלע דײַנע וועגן,
און נענטער פון אַלעמען צו גאָט.

פאַרביק און שיין איז דײַן שלייער, וואָס בלענדט
מיט ליכטיקע פליגל איבער דער וועלט.
און ליכטיק איז אויך דער טײַך און דאָס פעלד,
וואָס בליען גלויביק אין דײַנע הענט.

ליכטיק און שיין איז דער בעטלער, וואָס שפּילט
מיט גלויביקע פינגער דעם אָוונט אויס,
און פאַרוואַנדלט די גאַס אין אַ תּפֿילה-הויז,
ווען איבער זײַן לעבן פלאַטערט דײַן בילד.

אילוזיע, שוועסטער, פאַרלאָז מיך ניט,
צין שאַרפער אָן דײַן בלאָען לאַמטערן,
און זאָג: די שטערן, וואָס בליען, זענען שטערן,
און אַלצדינג אויף דער וועלט איז שען און גוט.

# אַהאַסווער

ווער שאַרט זיך דורך דער נאַכט אַ צינד,
און קען ניט זיין היים געפונען?
ווער גייט איינאייניקעם מיטן ווינט,
און שלעפט זיין שאָטן נאָך ווי אַ הונט,
ווען קיין שטערן איז ניט אָנגעצונדן.

איך בין עס, פאָטער געטרייער, איך
וואָס קומט צוריק פון דער פרעמד.
צעריסענע וואונדן, זענען מיינע שיך,
און צעריסן הענגט אויף מיין נאַקעט לייב,
ווי שוואַרצער טרויער, מיין העמד.

איך בין אַוועק פון דיין שטילער שטוב
מיט פרייד אין מיינע האָר.
דעם קוואַל געלעסטערט און אויסגעלאַכט —
איצט טרייבט מיך צוריק די מיטן-נאַכט.
פאַרגיב מיר, פאָטער, פאַרגיב.

— „צי קען דען אויף מיין ליכטיקער-שוועל
רוען דיין מידער קאָפּ?
צי נעמט דען צוריק דער בוים די צווייג,

וואָס פאַלט פון אים אַראָפּ?
גיי ווייטער, וואַנדערער, און שווייג."

—„די מיטן־נאַכט טרייבט מיך אַהער
און דו טרייבסט מיך צוריק.
איז צווישן דער נאַכט און דיר, מיין גאָט,
צעריסן אויף אייביק די בריק?
ווער האָט גערופן, אַהאַסווער?

אַהאַסווער, דער וועג איז דיין קרייץ,
און די שוואַרצע נאַכט־דיין שויס.
איבער דיר צינדן זיך שטערן אָן,
און לעשן זיך ווידער אויס
נאָר אייביק בלייבט דיין צער."

— דאַנאַידן, שוועסטער מיינע, הערט!
— דו רופסט אונז, אַהאַסווער?
— דער פאָטער האָט נאָכאַמאָל געשטראָפט,
דער בלאָער ים בלייבט אייער קרייץ
און מיינער — די בלינדע ערד.

## דעם שטנס געבעט

אַזויפיל דורות זיך געראַנגלט
מיט דיר, דו, גרויסער האַר פון ליכט.
איצט שטיי איך מיט פאַרברענטע פליגל
פאַר דיין ליכטיקן געזיכט.

זאָל זיין אַזוי! מיין מלכות ליגט
צעשמעטערט אונטער דיינע פיס.
און יעדער נערוו אין דיר זינגט אויס:
די פרייד פון גובר זיין, איז זיס!

זאָל זיין אַזוי! מיין שוואַרצע קרוין
גייט אויס מיט טויזנט קראַנקע שטערן,
און לילית קרייציקט זיך אַצינד —
אַליין, אַליין אויף אירע טרערן.

נעם אָן איר פיין, דו, האַר פון ליכט.
דעם פיין פון דער, וואָס איז געגאַנגען
מיט רויטע פאַקלען דורך די נעכט —
די צעפ און ווינט, ווי שוואַרצע שלאַנגען.

נעם אָן דעם פיין פון דער, וואָס האָט
אין דיר געגלויבט און דיך געלעסטערט.

אין ווילדע נעכט צו דיר געבענקט,
און מיטן גיהנום זיך געשווועסטערט.

אָ האַר פון ליכט, איך קני פאַר דיר.
נאָר זי מיין ווילדע טאָר ניט קניען.
לעש אויס דעם צער פון אירע האָר,
און לאָז דיין שמייכל אויף איר רוען.

אין אירע אויגן ציין די פרייד,
אירע אויגן פינצטערע און טריבע.
דיין גנאָד, דיין גנאָד פאַר מיר — אָ, האַר.
און פאַר מיין ווילדער, שענק דיין ליבע.

אָ האַר פון ליכט, אין דיין גבול
פון הייליקייטן און איקאָנעס
טו אָן דיין שיר-השירים-קרוין
דער זינדיקסטער פון די מאַדאָנעס.

# אין שפּיגל

מיין בלייכע געשטאַלט אין נאַכטישן שפּיגל,
וואַרט אויף אַ וואָרט, אויף אַ נס.
וואַרט שוין דעם דריטן מעת לעת,
אז עמעץ זאָל קומען, צעברעכן דעם ריגל,
און אָנטאָן איר דינע דורכזיכטיקע פליגל,
און זאָגן: איצט פלי און פאַרגעס.

פלי און פאַרגעס אָן דעם צער,
וואָס האָט דיך געפּענטעט אין גלאָז.
באַריר מיט די אייגענע הענט
די גאָלדענע שטערן אין רוים.
באַטרעט מיט די באָרוועסע פיס
דאָס אויסגעחלומטע לאַנד,
און קוש מיט די דורשטיקע ליפּן
דיין רייפע אַנטפּלעקונג פון טרוים.

אויף יענער זייט שפּיגל קלאַפּט רואיק דער זייגער
צען... עלעף... און צוועלף...
העלף, גאָט מיינער, העלף
ס'קלינגען אָפּ טריט אין דער נאַכט —
ווער גייט?

אַ געשטאַלט באַוועגט זיך —
זי לאכט

אָ, פרייד?
נענטער און נענטער,—
איך פיל שוין דער זוים פון איר קלייד
באַרירט מיך.
אָ, ניין!
זי גייט און פאַרגייט,
און לאָזט מיך אַליין
מיט דער נאַכט, מיטן ווינט, מיט געוויין.

מיין בלייכע געשטאַלט אין נאַכטישן שפיגל,
וואַרט אויף אַ וואָרט, אויף אַ נס
וואַרט שוין דעם דריטן מעת לעת,
אַז עמעץ זאָל קומען, צעברעכן דעם ריגל,
און אָנטאָן איר דינע דורכזיכטיקע פליגל,
און זאָגן: איצט פלי און פאַרגעס!

# דער נביא

גראָב דיינע נעגל אין דיין אויג און לאָז דאָס ווייסל רינען,
ס׳האָט דיין אויג דעם שיין־סם פון דער וועלט אין זיך געזויגן.
נאָר אין דיין בלינדקייט גליען וועט אַ רויטער פייער־בויגן
און פון דיין בלינדקייט קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט אַנטרינען.

דאָס קין־צייכן פון דער וועלט, איז עס, וואָס ברענט פון אייביק
ס׳האָט זיך געשפיגלט אין דיין אויג און וועט שוין ניט פאַרגיין.
נאָר דיין געוויסן קוקן וועט אין צייכן און וועט זען:
אַ חיה לעקט אַ שטיקל ערד פון נביא־בלוט נאָך קלייביק.

דו לאַכסט? דאָס זוכט דער שרעק אין דיר פאַרטויבונג.
דעק אויף דיין פיין און לאָז די ווייטקייט זי דערהערן,
און ס׳וועט די אייביקייט זיך פון דיין פיין אָפּקערן.
זאָל כאָטש דיין פאַלן זיין אַ אָטעם פון דערהויבונג.

און אויף דיין קאָפּ שיט אַש און שטרוי און מורמל צו די ווינטן:
גאָט האָט זיין אָטעם אָפּגעקערט און ס׳איז זיין גייסט אַנטרינען.
איך בין אַ הפקר־בלאַט צו ערד און שטויב געבינען,
און מיין נשמה ציטערט פאַר די טיפע גיהנום־גרונטן.

און אין דעם ליגן-נעץ וואָס דיין לעבן אויסגעצויגן,
זאָל כאָטש דער ציטער אמת זיין און ער וועט זיך דערהויבן,
באַהעפטן מיטן אורקוואַל זיך, אַ פונק פון ריינעם גלויבן,
פאַר דיין פאַרבליצטער הייליקייט וועסטו דעם קאָפּ אָנבויגן.

# די באַלאַדע פונם פאַרלוירענעם שעפּאַלע

אַמאָל איז געווען אַ פּאַסטוכל,
איז אים פאַרלוירן געגאַנגען אַ שאָף.
גייט ער באַרג אַרויף, גייט ער באַרג אַראָפּ,
טרעפט ער אַן אַלטן רב.

—„רב, רב, אַלטער רב,
כ'האָב אַ שעפּאַלע פאַרלוירן,
אַ שעפּאַלע אַ קליינס, אַ אומעדיקס, אַ שענס
האָב איך אָנגעווירן.
טרילילי האָט עס געהייסן,
ווי אַלע פּאַסטוכער ווייסן.

גלעט דער רב די ווייסע באָרד,
גלעט זי און גלעט.
און אָט, וואָס ס'האָט דער אַלטער רב
צום פּאַסטוכל גערעדט:
—„פאַרלוירן, איז פאַרלוירן.
אַלעמאַי אַ שטערן — ער בליצט און שיינט,
און אָט — שוין אָנגעווירן."

גייט דאָס פּאַסטוכל, גייט און גייט,
קומט עס צו אַ גאָרטן.

זעט ער אַ מיידל אין סאַמע ווייס,
צווישן די בלומען דאָרטן.
—„מיידל, מיידל אין סאַמע ווייס,
כ'האָב אַ שעפּאַלע פאַרלוירן,
אַ שעפּאַלע אַ קליינס, אַ אומעטיקס, אַ שענס
האָב איך אָנגעווירן.
טרילילי האָט עס געהייסן,
ווי אַלע פּאַסטוכער ווייסן."

זאָגט דאָס מיידל אין סאַמע ווייס:
—„פאַרלוירן איז פאַרלוירן,
אַלעמאַל, אַ בלום — זי בליט און בליט,
און אָט — שוין אָנגעווירן."

גייט דאָס פּאַסטוכל, גייט און גייט,
טרעפט ער אַ בעטלער אַן אַלטן:
אַלטער בעטלער, צו ווייסטו ניט,
וווּ מיין שעפּאַלע ליגט באַהאַלטן?"
דער בעטלער איז אליהו הנביא געווען,
האָט ער אים ביי דער האַנט גענומען.
זענען זיי געגאַנגען אַ טאָג, אַ נאַכט,
ביז זיי זענען צו אַ פעלד געקומען.
פון סאַמע גאָלד איז דאָס פעלד געווען,
אַ זילבערנער טייך אינמיטן.
און אויפן פעלד האָט דאָס שעפּאַלע געטאַנצט,
ביז דער טאָג האָט זיך געביטן,

האָט אליהו הנביא אַזוי געזאָגט:
אומזיסטיקע טרערן רינען.

פאַרלירט אַ פּאַסטוכל זיין שעפּאַלע אין פעלד
האָט עס גאָט ברוך הוא געפונען.

---

פאַרלירט אַ פּאַסטוכל זיין שעפּאַלע אין פעלד
האָט עס גאָט ברוך הוא געפונען.״

# ווײַסע באַלאַדע

אַ רויטער פויגל שניידט דורך די נאַכט,
און לאַנג פאַלט זיין שאָטן איבערן סטעפּ.
ס׳בלוטיקט דער שאָטן. געצלמטע צעפּ.
געשפּענסטישע, ווייסע, געפּייניקטע בערד.
ס׳ווײנט אַ באַנדורע. ס׳הירזשעט אַ פערד
מאָנאָטאָן און פאַרצויגן אין ווינט אַריין.
שפּילן רעפלעקסן פון בלוט און פון וויין —
הע, באַטיושקאַ פעטליוראַ!

— זע מאַמעשי, זע דעם פויגל, וואָס פליט!
איז ער פון פייער, איז ער פון בלוט?
ס׳טריסן די פליגל מיט טרערן.
— זיי רואיק קינד! זיי שטיל און שווייג.
— ווער גייט? ווער באַוועגט? — אַ דערשראָקענער צווייג

באַרירט פון דער נאַכטיגאַלס טרעלן.
— וואַרג אים אָפּ, וואַרג אים אָפּ, דעם סאָלאָוויי!
— זיי האָבן דערהערט, אָט קומען זיי.
— ס׳ציטערט די ערד אונטער זייערע טריט,
— באַשירם אונז, גאָט, באַשירם! באהיט!
— הע, גאָט פון ישראל!

ס׳פיבערט, ס׳איז קאַלט. הע׳, וואַניושקאַ!
הע׳, שאַרפער דאָס פייער געצונדן.
פונקען שפריצן גאָלדיק און רויט.
די פערד צו די שטאַמען געבונדן,
ווערן באַגאָסן מיט פייער און שיין.
די באַנדורע פאַרשיכורט פון בלוט און פון ווייןֿ,
כּליפּעט אי טרויעריק אי פריילעך —
הע׳, באַטיושקאַ פעטליוראַ!

זע, מאַמעשי, זע דאָס פייער, וואָס ברענט,
און ווינקט אונז אהינצו צו גיין.
— זיי רואיק, קינד, דאָרט פייערט דער טויט.
— פאַרקריכט אין די שאָטנס. דער שיין פאַלט אויף אונז,
מען וועט אונז נאָך תּכיף דערזען.
— ווער פיבערט? ווער וויינט? — ס׳וויינט דער ווינט,
וואָס קען זיך קיין אָרט ניט געפונען.
— וואַרגט אים אָפּ! וואַרגט אים אָפּ, זיי האָבן דערהערט.
וואו וועלן מיר איצטער אַנטרינען?
הע׳, גאָט פון ישׂראל!

ס׳צאַנקט דאָס פייער אין וויטן סטעפּ,
און ס׳ציטערן בלוטיקע פונקען.
פלאַקערן אויף מיט אַ גרינגלעכן שיין,
און ווערן אין חושך פאַרזינקען.
„הע׳, וואָלגאַ, וואָלגאַ!" — ברייט און שווער,
שטורעמט דאָס ליד איבערן סטעפּ אהער.
די לבנה בליצט אויף — אַ צעשטאָכן אויג.
דער סטעפּ ווערט געשפּענסטישער, בלאַסער.

— ווער גייט? ווער באַוועגט? — די נאַכט אַליין
קרייציקט זיך איבערן וואַסער.
— העי, באַטיושקאַ פּעטליוראָ!
— העי, גאָט פון ישראל!

# די באַלאַדע פון פּעטליוראַ

אונטער יאַנקעלעס וויגאַלע,
ליגט געקוילעט דאָס גאָלדענע ציגאַלע —
ס׳איז די שעה פון בלוט און געשפּענסטער.

פון קלויסטער ציטערן מיטן-נאַכט-קלאַנגען —
די צוועלפטע שעה האָט זיך אויפגעהאַנגען,
און פּעטליוראַ שטייט ביי דעם פענסטער.

— „וואָס וויל ער, דער פינצטערער היידאַמאַק
מיט דער קרומער שווערד, מיט דער שאַרפער
האַק?
וואָס וויל ער פון אונז האָבן?

— „ער איז געקומען פון דער ווייט אַהער,
און וויל אַ לאָפּעטע און ניט מער —
דיין טויטן טאַטן צו באַגראָבן.״

— „שוואַרצע פייגל פון דער נאַכט,
צעוואָס האָט איר פּעטליוראַן אַהער געבראַכט
מיט די בלוטיקע הענט, מיט די פינצטערע
אויגן?״

— ער שטייט און בעט מיט אַ טרויעריקן בליק:
שענקט מיר אַ שטריק, אַ שטיקל שטריק —
אַ צי — און מיין האַלז איז פאַרצויגן.

— זאָל ער גיין, וואו ס׳גייט דער ווינט,
ווו די נאַכט ווערט מגולגל אין קרעציקע הינט —
אַזוי זאָל ער מגולגל ווערן.

אין יעדער נאַכט, אין דער שעה פון בלוט,
אין דער שעה פון אונזער דערשלאָגן געמיט,
זאָלן אים ברענען אונזערע טרערן.

# שוואַרצבאַרד־באַלאַדע

איבערן נאַכטישן תפיסה-פענצטערל,
ציטערן ווייסע, פאַרפייניקטע בערד,
און וועקן דעם שאָטן, וואָס ליגט פאַרמאַטערט —
אַ געקרייצטער אויף נאַכטישער ערד.

„פּראָסקוראָוו"! פּראָסקוראָוו!
מיר זענען די וויזיע פון שטעט אָנגעצונדענע,
די וויזיע פון שרעק איבער חרובע ווענט.
מיר זענען געקומען מיט ווינטן צעפּליען,
צו קושן דיין צער און צו בענטשן דיין טוען, —
הער, ווי מיר קלאַפּן,
און בעטן מיט קראַנקע פאַרוויאַנעטע ליפּן:
שענק אונז אַ טראָפּן
פון בלוט, וואָס פיבערט, ווי רויטער בורשטין
אויף דיינע בלייכע, יידישע פינגער."

איבערן נאַכטישן תפיסה-פענצטערל,
פלאַטערן ווייסע מיידל-געשטאַלטן.
די בריסטן צעביסן, אַנטבלויזט קעגן נאַכט,
כליפּען זיי טרויריק אַריין דורך די שפּאַלטן.

פראָסקוראָוו! פראָסקוראָוו!
מיר זענען די וויזיע פון בלוט און שגעון
אויף טונקלע אוקראַינישע סטעפּעס געצונדן.
די וויזע פון דער הייליקער יונגפרוי,
וואָס הענגט אַ געשענדטע צום שאַנד-סלופּ
געבונדן.

הער, ווי מיר קלאַפּן,
און בעטן מיט קראַנקע, פאַרפעסטיקטע אָטעמס:
שענק אונז אַ טראָפּן
פון בלוט, וואָס פיבערט, ווי רויטער בורשטין
אויף דיינע בלייכע יידישע פינגער."

איבערן נאַכטישן תפיסה-פענצטערל,
ציגען אָן קינדער די קרוין פון טרויער,
און וויינען מיט שוואַרצע עלעגישע אויגן
אַריין זייער צער אין דער נאַכט און דער
בלויער:
"פראָסקוראָוו! פראָסקוראָוו!
מיר זענען דיין אייביק אומזיסטיקער קרבן.
געקרייציקט אין חלום אויף אונזערע וויגן,
מיר האָבן געזען דער מאַמעשיס בריסטן
צעוואָרפן אויף מיסטן און הקדשן ליגן.
הער, ווי מיר קלאָפּן,
און בעטן מיט בלייכע, דערשראָקענע ליפּן:
שענק אונז אַ טראָפּן
פון בלוט, וואָס פיבערט, ווי רויטער בורשטין
אויף רייַנע, בלייכע יידישע פינגער".

# די באַלאַדע פון די וועגן

איבער גראָע וועגן פאַלט די נאַכט.
ווי אַ רויטער כשוף-לאָמפּ ברענט לבנה אויף
איר שטערן,
און די קרומע, גראָע וועגן הערן,
ווי דער אומזין דורך די בוימער לאַכט.

גייט אַ וואַנדערער, זיין טריט איז מיד,
זיין קלייד איז שוואַרץ, ווי זיינע האָר, וואָס
שפּילן מיטן ווינט.
און ס׳וויינען זיינע טריט מיט טרערן פון אַ
קינד,
וואָס בענקט און בעט ביים וועג אַ וויגנליד.

און ס׳זינגט דער ערשטער וועג:
דער שטויב, וואָס בליט אין מיינע האָר,
דאָס איז דאָס וויגנליד, וואָס האָט געבליט
אין דיין מאַמעס אויג. נעם מיט דעם שטויב
דורך דיינע איינזאַמע, וואָגלדיקע יאָר.

און ס׳זינגט דער צווייטער וועג:
דער שטויב, וואָס בליט אין מיינע האָר,

דאָס איז דער טרוים, וואָס האָט געבליט
אין דיינע אויגן. נעם מיט דעם שטויב
דורך דיינע איינזאַמע, וואָגלדיקע יאָר.

און ס'זינגט דער דריטער וועג:
דער שטויב, וואָס בליט אין מיינע האָר,
דאָס איז דער טונקל-גראָער סוד,
וואָס וועט פאַרווישן דיינע טריט,
און וועט באַהעפטן דיך מיט גאָט,
און גאָט — איז פרייד.

איבער גראָע וועגן פאַלט די נאַכט.
ווי אַ רויטער כשוף-לאָמפּ ברענט לבנה אויף
איר שטערן,
און די שטילע, גראָע וועגן הערן,
ווי די פרייד אַדורך די בוימער לאַכט.

# די באַלאַדע פון דער נאַכט.

האָט איינער דעם קאָפּ צו דעם צווייטן געטוליעט,
און איינער האָט שטיל די פאַרוויאַנעטע ליפּן געעפנט
און דערציילט... און דערציילט... ווי דערשראָקענע האָזן,
האָבן די ווערטער זיך שטיל אין דער פינצטער
פאַרלוירן.

מיט שנעלע דערשראָקענע טריט, האָט די טיר זיך
געעפנט.

פאַר זיי איז די נאַכט אַ פאַרווירטע געשטאַנען,
און הינטער איר האָבן זיך ווילדע געשרייען געצויגן
פון היסטערישע קינדער און דערשראָקענע מאַמעס.

„זי האָט אונזער חלום פאַרווירט, די שוואַרץ־ווילדע
בעסטיע.

פאַרביקע שטערן האָט זי אין אונזערע טרוימען געצינען,
זענען די פאַרבן דורך אונזערע בלוטן גערינען
און די בלוטן פאַרסמט.“

האָט איינער די האַק אויפגעהויבן,
די האַק, וואָס איז ביי דער זייט אים געלעגן.

אַ הויב! און דער קאָפּ פון דער נאַכט האָט אַוועק
זיך געקוילערט
דורך רוים און דורך וואָלקנס און בלוטיקע שפּורן
געלאָזן
פאַר דער אייביקער בענקשאַפט און דעם אייביקן
טרויער.

# באַלאַדע

ווען די פינצטערניש נידערט אַראָפּ פונעם קלויסטער-באַרג
און די לעצטע טראָפּנס זון אין די פענצטער פּאַרלעשן זיך,
פּאַרהאַקן זיך טויערן, טירן און לאָדנס,
און מענער, ווייבער און קינדער
איילן דערשראָקן אַהיים און ציִנען אָן גראָשנדיקע פייערן
פאַר די אייגענע ווינקלען און מורמלען מיט פאַרוויאַנעטע ליפּן:
„אויך דאָס איז ליכט!"

נאָר אויף דער לעצטער גראָער שוועל פון שטעטל
זיצט אַ דולע געשטאַלט מיט אַ זאַק אויף די לענדן,
און זיין שניי-ווייסע באָרד שמייכלט טרויעריק אַקעגן
דער פינצטערניש וואָס נידערט פון קלויסטער-באַרג אַראָפּ,
און פּלוצעם הייבט ער זיך אויף און מיט זינגענדיקע טריט
און מיט הענט צעשפּרייטע אויף אַש-גראָען ווינט,
גייט ער איר, ווי אַ נביא זיין גאָט אַקעגן,

און די פינצטערניש דערקענט איר אָרעמען ברודער,
וואָס האָט ניט מער אויף דער וועלט ווי אַ קבר, וואָס וואַרט
אויף אים,
קושט זי זיין האַרץ און ווישט אָפּ פון זיין שטערן די קנייטשן,
און לעגט אין זיין געלער פאַרוויאַנעטער האַנט אַריין,
איר גאָלדענעם שליסל.

עפנט די דולע געשטאַלט אויף דעם נאַכטישן פּאַלאַץ׳
און נעמט ארויס דעם גאָלדענעם לבנה־שפּיגל׳
און מיט אַ קינדישער פרייד שפּיגלט ער אָפּ אירע שיינען
אין די שוואַרצע פאַרלאָשענע פענצטער.

אָ׳ גאָלדענער שפּיגל אין האַנט פון מיין דולן ברודער׳
גיי ניט דורך מיין פענצטער אָן אַ שיין פון ליבע און חלום,
גיי ניט דורך מיין פענצטער אָן אַ שטראַל פון דיין שיינעם דעליר.

# Quo vadis?

דער האַרבסט דער לעצטער און דרייצנטער אַפּאָסטל
האָט אויפן קרייץ-וועג זיין האַר באַגעגנט:
— **Quo vadis, domine?**
— כ׳גיי הערן די ווידוי פונעם זילבערנעם טייך,
און דאָס שוואַנענליד פון די גאָלדענע שטערן,
וואָס לעשן זיך אין זייגע פאַלדן.

און דער האַרבסט האָט געזען, אַז קריסטוס פּנים איז ליכטיק,
כאָטש דער אָוונט האָט זיינע טונקלע נעצן אויסגעשפּרייט
און טרויריק און מיד איז די האַנט, וואָס רוט אויף זיין האַרץ,
האָט ער געקושט דאָס ליכטיגע קלייד פון זיין גאָט
און געמורמלט: האַר, איך גיי מיט דיר!"

און די וועגן האָבן געפּיבערט אונטער די שטילע אָוונטיקע טריט
פון דעם יינגן גאָט און זיין אַלטן אַפּאָסטל
און אַז זיי זענען צום ברעג פון טייך צוגעקומען,
האָט קריסטוס באַרירט מיט אַ פינגער דעם זילבערנעם שפּיגל,
און שטיל זיך איינגעהערט.

און אַ טיף געוויין האָט פון דער טיפקייט זיך געצויגן,
און געזוכט דאָס האַרץ פונעם הימל און פון דער אייביקייט,
און דאָס געוויין האָט דערמאַנט אָן אַ בלאָנדזשענדיקן האָרן אין
נאַכטישן סטעפּ

און אָן דעם צעבלוטיקטן פּאַל פון אַ פויגל.

און דער האַר האָט געפרעגט זיין נביא:
גלויבסט?
האָט דער נביא זיין קאָפּ געבויגן און געענפערט:
— כ׳גלויב!

האָט קריסטוס דרײַמאָל אויסגעצייכנט נאָכאַנאַנד
אַ צלם איבערן זילבערנעם שפּיגל פונעם טייך:
„כ׳וויל הערן דאָס ליד פון פרילינג!"
האָבן פון דער טיפקייט שמעטערלינגן אויפגעפלאַטערט,
און פאַרלאָשענע שטערן האָבן אויפגעציטערט,
און יעדעס אָפּגעריסענע בלאַט האָט באַהעפט זיך מיט זיין צווייג,
און יעדער חרובער גלויבן האָט באַהעפט זיך מיט זיין גאָט,
און אין יעדן קראַנקן האַרץ האָט אַ קלאָרע נאַכטיגאַל געזונגען.

און דער האַר האָט געפרעגט זיין נביא:
— גלויבסט?
און דער נביא האָט שטאַרבנדיק געענפערט:
— כ׳גלויב!

# א י נ ה אַ ל ט:


| | זייט |
|---|---|
| פּ אָ ר וו אָ ר ט | |
| עפן ברייט דעם טויער | 1 |
| צוויי בלאָע שוואַלבן | 2 |
| מיידל־פּאָרטרעט | 3 |
| באַלאַדע פון די שבת־ליכט | 5 |
| ביים דניעסטער | 7 |
| דער פרעמדער | 9 |
| דער מאָנאַך | 10 |
| דער זינדיקער | 11 |
| די באַלאַדע פון דעם כלה־שלייער | 12 |
| בעל שם | 14 |
| Ecce | 15 |
| כ׳בין דער אָוונט | 17 |
| אויף טונקלע טרעפ | 19 |
| האַרבסטיקע לאַנדשאַפט | 21 |
| באַלאַדע פונם ווייסן ברויט | 22 |
| שטערן אויפן דאַך | 24 |
| דער משולח | 25 |
| די מאַמע | 26 |
| Memento mori | 27 |
| די באַלאַדע פון די טעותן | 29 |
| איבערן גאָרטן, | 31 |
| דער פרעמדער אורח | 32 |
| די באַלאַרע פונם ווייסן שיין | 33 |
| פאַראַן אַ שעה | 35 |
| נאַכט, אויפן שוואַרצן טראָטואַר | 36 |
| גוט מאָרגן | 37 |
| גליק | 38 |

ז״ייט


| | |
|---|---|
| די באַלאַדע פון די דריי ווייסע טויבן | 40 |
| טרויעריק ליד | 42 |
| נאָך דער ציגיינער | 44 |
| י אָ ס | 46 |
| גאָלדפאַדעניאַדע | 48 |
| זבאַרושעריאַדע | 51 |
| אָקטאָבער באַלאַדע | 54 |
| געבורט | 57 |
| אַהער | 59 |
| אַליין | 61 |
| עקידת יצחק | 63 |
| רבקה | 64 |
| יוסף | 65 |
| דוד המלך | 66 |
| דער פּאַטריאַרך | 67 |
| די באַלאַדע פון דעם לייזיקן | 68 |
| די באַלאַדע פונם אַלטן גלח... | 70 |
| די באַלאַדע פון אַלטן קאָבזאַר | 73 |
| באַלאַדע פון די שמייכלען | 75 |
| ה אַ נ ט | 76 |
| ס י ל ו ע ט | 77 |
| ביים וועג | 78 |
| גאָלגאָטאַ | 80 |
| אָוונט | 82 |
| פרילינג אין פּאַרק | 84 |
| דערוואַרטונג | 86 |
| אָוונט אין שפּיגל | 88 |
| ווייסע לאַנדשאַפט | 90 |
| Surdino | 92 |
| סערינאַדע | 94 |
| באַלאַדע פונעם אַלטן היידוק | 96 |
| באַלאַדע פון דער זינד | 98 |
| באַלאַדע פון די פּאַרערס | 100 |
| באַסאַראַבישע אידיליע | 103 |
| אין אַרעסט | 105 |

| | זייט |
|---|---|
| אין צוג | 107 |
| פרילינג | 109 |
| אין פענסטער | 111 |
| באַלאַדע פון דער ווייסער שוועסטער | 113 |
| באַלאַדע פון די בריגאַנטן | 115 |
| כ׳עפן מײַנע אויגן | 118 |
| צווישן קאַסטעו און קיטעוו | 120 |
| פון יעדן שטיין | 122 |
| ס׳האָט די נאַכט | 124 |
| דאָס וואַסער טונקלט | 126 |
| אַ בינטל האָלץ | 128 |
| באַלאַדע פון גאַסן מיידל | 130 |
| באַלאַדע פון רויטן פינגערל | 131 |
| שטילקייט | 134 |
| דו | 136 |
| לעש אויס | 138 |
| אין מײַנע אָרעמס | 139 |
| לבנה | 141 |
| ליכט | 142 |
| דער נביא | 144 |
| באַלאַדע פון יאַסער שניידערל | 146 |
| אילוזיע, שוועסטער! | 149 |
| אַהאַסווער | 151 |
| דעם שטן׳ס געבעט | 153 |
| אין שפיגל | 155 |
| דער נביא | 157 |
| באַלאַדע פון פאַרלוירענעם שפּאַלע | 159 |
| ווייסע באַלאַדע | 162 |
| די באַלאַדע פון פעטליוראַ | 165 |
| שוואַרצבאַרד באַלאַדע | 167 |
| די באַלאַדע פון די וועגן | 169 |
| די באַלאַדע פון דער נאַכט | 171 |
| באַלאַדע | 172 |
| Quo vadis | 174 |
| תיקון טעות | 180 |

# תקון טעות

| זייט | שורה | שטייט: | דאַרף זיין: |
|---|---|---|---|
| 1 | 20 | קום און לאָמיר גייען | קום און לאָמיר גיין |
| 5 | 8 | אז איך זאָל מיינע שבת ליכט | אז איך זאָל מיין מאַמעס... |
| 7 | 7 | אַ מידער ווייסער פויגל פלי | אַ מידער וואַסער פויגל-פלי |
| 10 | 11 | און ס'לויפן קינד און קייט | און ס'לויפן קינד און טייך. |
| 11 | 4 | און עפּיס כשוף פיבערט... | און עפּיס כשופט, פיבערט... |
| 12 | 4 | ווער וועט איר דעם שלייער... | ווער וועט מיר דעם שלייער.. |
| 15 | 16 | נאָר געזינדיקט און געלאכט | נאָר געזונגן און געלאכט |